ביבליאָטעק פון שלאָגלער
און ראַציאָנאַליזאַטאָרן
נר 2



# ישכר טורקאָ


ISBN:0-657-12297-1

ביבליאָטעק פון שלאָגלער און ראַציאָנאַליזאַטאָרן
נר. 2

ש. קאַנץ

# דער קוילנגרעבער
# ישכר טורקאָ




פאַרלאַג „יידיש בוך" ווארשע 1953

BIBLIOTEKA PRZODOWNIKÓW PRACY i RACJONALIZATORÓW

Nr 2

# Górnik ISOCHOR TURKO

Reportaż SZ. KANCA

Redaktor: G. SMOLAR

רעדאַקטאָר: ה. סמאָליאַר

Okładkę projektował: M. DZIEWULSKI

הילע געצייכנט: מ. דזשעווולסקי

*Prindet in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa 1953

Nr zam. 777. Nakład 5.500 egz. Druk. ukończono w lutym 1953 r. Arkusz druk. 5
Ark. wydawn. 3,75 Papier dziełowy 61 na 86 cm. V kl. 70 gr.

Druk. „Prasa" Tarczyńska 8 4-B-50193



ישכר טורקא — געמאָלט דורך מ. באָרושעק

# I

קיין קאָראַגאַנדאַ איז ישכר מורקאַ געקומען מיט דער דעה צו גיין אַרבעטן אין די קוילנגרובן. ער האָט זיך קלאָר אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז איצט, מלחמה-צייט, האָט ער נישט וואָס צו זוכן מיט זיין מאַפּעצירעריי. דער פראָנט, דאָס גאַנצע לאַנד נייטיקט זיך אין קוילן. אַרבעטן ביי קוילן איז פּונקט ווי זיין אַ זעלנער אויפן פראָנט.

— ס'איז געפערלעך — האָט אים איטקע, זיין ווייב, געפּרוּווט אָפּרעדן — דערמאָן דיך נאָר — כסדר אונטער דער ערד...

ישכר האָט מיט גרויסע טריט געשפּאַנט איבערן צימער, פון איין ווינקל צום צווייטן, מיטאַמאָל זיך אָפּגעשטעלט נעבן איטקען און זי אָנגענומען פאַר דער האַנט.

— גיב נאָר אַ טראַכט — דיין מאַן, אַ קוילנגרעבער...

— כ'ווייס... ס'איז מיר עפּעס אַזוי שווער... אָט, ווי מע וואָלט דיך אַוועקגענומען פון מיר...

ישכר האָט זיך נעענטער צו איר צוגעזעצט, אין די אויגן איר אַריינגעקוקט. זי האָט אָבער געקוקט פאַר זיך און עקשנותדיק געטענהט:

— אין קוילנגרובן זענען פאַראַן נאַכטשיכטן. וועסט אַוועקגיין אויף גאַנצע נעכט, מיך דאָ איבערלאָזן, אַליין צווישן די פיר ווענט...

ישכר האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. איטקע האָט זיך גענומען צום נייען און שטיל איבערגעחזרט:

— אפשר וועסטו פאָרט צוּוואַרטן? ס'וועט זיך מאַכן אַן אַנדער אַרבעט. דערווייל וועט מען לעבן פון דעם, וואָס איך וועל פאַרדינען, כ'וועל גיין נייען אין פאַבריק...

— און איך וועל זיצן אין שטוב?! — איז איר ישכר אַריינגעפאַלן אין די רייד.

פון זיין פלוצעמדיקער אויפרעגונג איז באַלד קיין שפור נישט געבליבן. ער האָט דערפילט אויף זיך איטקעס גוטע, געטריַיע אויגן און, ווי

פארענטפערנדיק זיך, גענומען איר דערקלערן, אז ס׳וועט לאנג נישט דויערן און ער וועט ווערן אן אמתער קוילנגרעבער.

אין דער טיר האט עמעץ אנגעקלאפט. ס׳איז אריינגעקומען טאראסאוו, דער זעלבער, וועלכן ישׂכר האט היינט געהערט רעדן ביים מיטאג אין גארקיך. ער האט אויסגעזען פון א יאר פופציק, געהאט ברייטע אקסלען, א גרויסן קיילעכיקן קאפ און א גלייכע נאז אונטער א צעאקערטן שטערן. ער האט געטראגן א העלע מאריגארקע און א טונקל צעקנעפלט העמד. ס׳פנים איז ביי אים געווען בלויז שמייכל.

טאראסאוו האט אנגעפירט מיט דער קולטור־ארבעט אינעם קוילנגרובן.

— כ׳האב געזען ליכט ביי אייך, טראכט איך מיר, מע דארף א קוק טאן, ווי די נייע מענטשן האבן זיך דא איינגעארדנט.

— ביטע, ביטע — האט אים ישׂכר צוגערוקט ס׳בענקל.

טאראסאוו האט זיך ארומגעקוקט.

— נישט זייער רייך ביי אייך. נאר עס שאדט נישט. מיט דער צייט וועט צוקומען. איר וועט נאך ווערן סטאכאנאוועצעס אויך.

— סטאכאנאוועצעס? — האט ישׂכר פארלעגן געשמייכלט.

— מע דארף... מע דארף ווערן — האט טאראסאוו איבערגעחזרט, און זיינע אויגן האבן גוטמוטיק באטראכט ישׂכרס שלאנקע פיגור — ביי וואס האט איר געארבעט אין דער היים?

— א טאפעצירער — האט איטקע שנעל אנגערופן זיך — ער האט געמאכט מאטראצן, שטולן... א גוטע ארבעט, אמת?

טאראסאוו האט באשטעטיקנדיק געשאקלט מיטן קאפ:

— געוויס. ווען א מענטש באשאפט עפעס מיט די אייגענע הענט, איז עס זייער ווויל. שטולן, מאטראצן — דאס זענען זייער נייטיקע זאכן. נאר צו קוילן קומט עס נישט. איר פארשטייט? אן קוילן בלייבט אלץ שטיין. קוילן דאס איז... דאס איז דאס לעבן פונעם לאנד. נו, און היינט איז עס באזונדערס וויכטיק, פארן פראנט...

איטקע איז אנטשוויגן געווארן. ישׂכר האט שטיל געזאגט:

— כ׳מיין, אז ארבעטן אין קוילנגרובן וועל איך אויך קאנען. צוליב דעם בין איך דאך געקומען אהער. נאר צי וועל איך זיך אן עצה געבן? מע זאגט, ס׳איז זייער שווער... דערצו נאך צו ווערן א סטאכאנאוויעץ...

— וועסט זיך אן עצה געבן — האט טאראסאוו געלאסן געענטפערט. שווערערע פון דיר האבן אנגעהויבן און גארנישט געקאנט, היינט זענען זיי העלדן, פארשטייסט? מיט מעדאלן!

— נו, נישט יעדער קאָן זיין אַ העלד... נישט יעדער...

— און איך זאָג דיר, אַז יעדער קאָן זיין אַ העלד. מע ווערט דערמיט געבוירן, מע דאַרף נאָר וועלן עס אָפּגעפינען אין זיך. ס'איז דערמיט, פאַרשטייסטו מיך, אַזוי ווי מיט אַ קוואַל אין די בערג. ווייסט נישט פון וואַנען עס קומט. הייבסט אָן זוכן, טרעפסטו אַ קליין קוואַלעכל באַהאַלטן אין גראָז, צווישן שטיינער. מע זעט עס כמעט נישט אַרויס. פון דעם ציט זיך אַ דין פעדעמל וואַסער. פון שטיינדל צו שטיינדל וואַקסט עס. ביז עס צעגיסט זיך ערגעץ אין אַ טייך. אַ מענטש איז ווי אַ קוואַל... פאַרשטאָפּט ווערט ער, ווען ער הייבט אָן צו לעבן ב ל ו י ז פאַר זיך, ווען ער פאַרגעסט, אַז ער געהערט צו אַ קאָלעקטיוו, אַז אַלץ, וואָס ער טוט, דאַרף ברענגען נוצן דעם קאָלעקטיוו, דעם פאָלק, די גאַנצע מענטשהייט. נישט אמת?

טורקאָ האָט פאַרשטעכט, ווי עפּעס שולדיק אַ שמייכל געטאָן.

— נו, נישט געזאָרגט! — האָט אים מאַראַסאָוו גאָר היימיש צוגע-געבן מוט.

נאָך זיין אַוועקגיין איז ישכר טורקאָ לאַנג געזעסן ביים פענצטער. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס מאַראַסאָוו האָט געזאָגט. ער זאָל האָבן אַלץ פאַרשטאַנען, קאָן ער נישט זאָגן, אָבער ער האָט געפילט ווי זיינע פריערדיקע באַגריפן וועגן לעבן, ענדערן זיך. ס'איז אַ גרויסע צייט און אַלץ איז אַנדערש. מיליאָנען מענטשן זענען אַרויס אין שלאַכט קעגן היטלעריזם, און ער מוז זיך געפינען צווישן זיי.

אַ בארואיקטער אין זיין טראַכטן, האָט ער זיך דערזען אַלס פּופּצן-יעריק ייִנגל, ווען ער האָט אָנגעהויבן צו לערנען זיך טאַפּעצירעריי. ער האָט דאַן פּונקט אַזוי געקאָנט ווערן אַ שניידער, צי אַ שוסטער, כאָטש אינדערהאַמתן וואָלט ער אפשר גאָר געקאָנט זיין אַ גוטער באַן־מאַשיניסט, צי אַ שלאָסער אין אַ גרויסער פאַבריק. האָט ער דען געפילט די מינדסטע נייגונג צו טאַפּעצירעריי? האָט אים דען די אַרבעט כאָטש אַמאָל פאַר-שאַפט פרייד? אַזאַ צייט איז עס געווען...

ישכר האָט איצט געמאַכט אַן ענדגילטיקן חשבון מיט זיין פאַרגאַנ-גענהייט. מיט זיין באַשליסן צו גיין אַרבעטן אין קוילנגרובן, האָט ער זיך דערפילט, ווי ער וואָלט אויפסניי אָנגעהויבן דעם פּונקטן לעבנסיאָר, ווי ער וואָלט זיך אַליין אָפּגעפונען, אַנטפּלעקט זיינע אייגענע פעיקייטן. ער גייט פאַרווירקלעכן אַ טרוים, וועלכן ער האָט אַמאָל אפילו נישט גע-וואַגט צו חלומען.

איטקע איז געווען פאַרנומען מיט איר אַרבעט. אין דער שטילקייט

האָט זיך געהערט דאָס ציִען פֿונעם נאָהל־פֿאָדעם... פֿאַרשטײן — פֿאַרשטייט זי די זאַך. אוודאי טאָר קײנער נישט בלײַבן זיצן אין שטוב, בשעת אַזאַ שׂרפֿה. ווען די שׂרפֿה האָט זיך אָנגעהויבן אין פּוילן האָט זי אויך פֿאַרשטאַנען, אַז ישׂכר דאַרף גײן. ער איז געווען אויפֿן פֿראָנט, און וואָס ער האָט אַלץ נישט איבערגעלעבט. אַלע זענען שוין געווען אינדערהיים; און ער — לאַנגע חדשים אין געפֿאַנגענשאַפֿט... צען מאָל געווען דעם טויט פֿאַר די אויגן. און דאָס אַנטלויפֿן פֿון דאָרט, דער וועג דורך נאַצי־דײַטשלאַנד — איז עס דען נישט געווען געשפּילט מיטן טויט? איצט ווידער — אַ קוילנגרעבער... ס'איז דען נישט דאָס זעלבע, וואָס דער פֿראָנט?

איר האָט געפֿעלט כּוח צו באַשליסן זיך אויף דעם מאַנס שריט.

אין שטוב איז געווען צוגעריכט. אַ מידע פֿון טאָג שווערע אַרבעט איז אימקע אײַנגעשלאָפֿן. ישׂכר האָט זיך אויסגעזעצט בײַם טיש, וואָס איז, אַ צוגעדעקטער מיט צײַטונגס־פּאַפּיר, געשטאַנען אין מיטן שטוב. בײַם שכן, פֿון עלטערן קאָזאַק, האָט ער געבאָרגט טינט און פֿעדער. ער וועט שרײַבן צום ברודער קיין טשעליאַבינסק, שרײַבן וועגן אַלץ, אַזוי ווי זיי האָבן זיך צונויפֿגערעדט.

„ליבער שׂיִח! כ'בלײַב אין קאַראַגאַנדאַ. כ'וועל אַרבעטן אין די קוילנגרובן. מיר געפֿעלט עס. דאָ זענען פֿאַראַן קינאָס און טעאַטערס. די קוילנגרעבער האָבן אַ שײנעם קלוב. מיר זענען דאָ הײַנט פֿאַרבײַגעגאַנגען, האָבן מיר געהערט שפּילן מוזיק. מיך האָט עס, אַזוי ווי אַמאָל, אַ ציִ געטאָן צום טאַנצן. דו חידושסט זיך? איצט, ווען פֿון די פֿראָנטן קומען אַזעלכע נישט פֿריילעכע ידיעות, איצט טאַנצן? איך טראַכט אָבער, אַז קוילנגרעבער זענען פּונקט ווי זעלנער אויפֿן פֿראָנט: מע קעמפֿט און מע טראַכט וועגן זיג. אַ זעלנער אויפֿן פֿראָנט איז נישט טרויעריק. די מענטשן דאָ זענען גוטע, גאַסטפֿרײַנדלעכע. אויב דו וועסט באַקומען אַ גרוס פֿון דער היים...”

ער האָט שפּעטער לאַנג נישט געקאָנט אײַנשלאָפֿן. דאָס אַלץ, וועגן וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט נאָך אין טשעליאַבינסק — וועגן די היטלעריסטישע גרויל־מעשׂים איבער די ייִדן, איז פֿאַר אים אויפֿגעקומען חי־לעבעדיק. ער אַליין האָט דאָך נאָך פֿאַרן פֿאַרלאָזן לאָדזש באַוויזן צו זען דעם ייִדן־צייכן, פֿילן די קלעפּ, הערן דאָס שיסן אינמיטן גאַס. דאָס אַלץ בײַם דער כּבֿדיקער זאָרג וועגן גורל פֿון טאַטע־מאַמע, ברידער, שוועסטער, איז גענוג געווען, אים צו פֿאַרסמען דאָס לעבן. און אפֿשר לעבן

זיין? אפשר איז נישט אַלץ אמת? מע קאָן דאָך נישט נעמען און אויסמאָרדן אַ פאָלק...

דער געדאַנק האָט זיך אָנגעצונדן און צוריק זיך אויסגעלאָשן. טויזנטער, טויזנטער ייִדן ווערן אויסגעמאָרדעט אין די געטאָס, אין די טויטלאַגערן. זיינע עלטערן! און די גאָלדמאַנס — זיין ווייבס עלטערן!... זייערע געשטאַלטן לויפן אָן אַלץ מער חושכדיקע. ס'ווילט זיך זיי אַוועקיאָגן, זיי קומען אָבער באַלד צוריק, טענהן, מאָנען: וואָס האָסטו געטאָן אונדז צו ראַטעווען? ווו איז דיין חלק אין דער מלחמה קעגן אונדזערע טויטשונאים, די היטלעריסטן?

„קוילן, קוילן פאַר די פאַבריקן, פאַר די לאָקאָמאָטיוון — אָט דאָס איז זיין מיין חלק, מיין אָנטייל אין דער מלחמה".

ער האָט געפילט, ווי דער באַשלוס איז זיך מיט אים צונויפגעוואַקסן. די מידקייט, וואָס האָט געדריקט אויף זיינע פיר און צוואַנציק יאָר, צוליב דעם אַלץ, וואָס ער האָט אין משך פון די מלחמה־יאָרן איבערגעלעבט, האָט זיך ווי אָפּגעטאָן פון אים. ער האָט זיך דערפילט יונג, מיט האַסטיקפליסנדיקן בלוט אין די אָדערן, מיט מוסקולן אָנגעצויגענע, גרייטע צום טאָן אַלץ.

II

די ווינדע האָט זיך אָפּגעשטעלט. די אויפגעהייטערטע פנימער פון די קוילנגרעבער זענען מיטאַמאָל געוואָרן ערנסטער, קאָנצענטרירטער. אין יששכרס אויגן האָט נאָך אַלץ געדויערט דער ווונדער, געמישט מיט פחד. ערשט מיט עטלעכע מינוט צוריק האָט נאָך די זון געשיינט. ס'איז געווען אַ וואַרעמער, פריילעכער טאָג. איצט איז אַלץ פאַרזונקען אין סודותדיקער נאַכט. פון דער טונקלקייט פון קוילנגרובן האָבן אויפגעטויכט אָפּגעדראַפּעטע ווענט און גלייכע שטעמפּל־בעלקעס, וואָס האָבן זיך געצויגן אין דער טיף אין צוויי לאַנגע רייען. די מענטשן זענען געגאַנגען פון ביידע זייטן און בריגאַדעסווייז פאַרשוואונדן אין די זייטיקע פאַראַלעלן.

יששכר האָט מיט דער פולער ברוסט אַריינגעאָטעמט אין זיך די קרדע לופט, וואָס האָט דאָ געשמעקט אַנדערש, ווי אין דער הויך. זי איז געווען זיסלעך און טוכליק. ער האָט זיך געפּרוווט דערמאָנען, ווו האָט ער שוין אַמאָל געפילט אַזאַ ענלעכע לופט. אַ שטיק קינדהייט איז שנעל פאַרביגעשווומען... אַ פינצטערע שטוב, דער טאַטע זיצט ביים טיש אַן איינגעהויקערטער, אַ מידער פון אַ גאַנצן טאָג שטעפּן און בייגן די זאָט־

לען. פון די אלטע לעדער האט זיך פון אים געשפירט א מאדנער ריח, געמישט מיט שמאל. די מאמע האט זיך געדרייט ביים אויוון, פון וואנען ס'האבן זיך געטראגן ריחות פון זויער קרויט און נאסע וועש. די שטוב איז געווען פול מיט קינדער, אייגענע און שכנישע.

— אפשר וועסטו שוין אויפהערן צו מאכן די קאזשעלקעס, ישכר? — האט די מאמע ארייגגערעדט אין די פול־אנגעשטעלטע טעפ אויפן אויוון.

— וואס ארט עס דיך. דאס קינד מאכט אביסל גימנאסטיק... — רופט זיך אן דער טאטע.

— א גליק האט אים געטראפן, גימנאסטיק... ביי לייטן א פערצן־יאריק ייגגל ברענגט שוין צושטייער פרנסה אין שטוב ארייין.

דער טאטע איז שטיל געבליבן. האט געטראכט, אז די מאמע איז גערעכט. מע דארף טאקע שיקן ישכרן ערגעץ אויף דער לער. פון דעם רימער־וואַרשטאטל איז שווער ארויסצוציען חיונה פאר ניין מיילער.

אבער ער, ישכר, האט פון דער גימנאסטיק נישט אפגעלאזט אפילו שפעטער, ווען ער איז צו פופצן יאר געווארן א לערן־ייגגל ביי א טאפעצירער. אין אוונט איז ער געגאנגען אין א ספארט־קלוב און גערעכנט זיך פאר איינעם פון די בעסטע גימנאסטן.

...זיי האבן זיך פארהאלטן ביים אריינגאנג אין רעכטן „פאראלעל”. דער עלטסטער פון דער בריגאדע, א גרויער ברייטפלייציקער רוס האט געפרעגט:

— ווער פעלט? דער נייער איז דא?

— אלע זענען דא.

— איז גוט. גייען מיר.

ישכר האט געהאט דאס געפיל, ווי ער וואלט געגאנגען אין א געדיכטן, פינצטערן וואלד. פון אלע זייטן לויערן סכנות. ער מוז זיך האלטן מיט די מענטשן, נאענט, ער זאל זיי נישט פארלירן. זיי זענען אדורך די ערשטע טיר אין דעם הויפט־קארידאר. ס'האט א בלאז געטאן א שארפער ווינט. גוט, וואס דער קוילנגרעבער, וועלכער איז געגאנגען פון פארנט, האט צוגעהאלטן די טיר, זי זאל זיך נישט פארקלאפן. באלד האבן זיי אויסגעמיטן א צווייטע און אנגעהויבן צו גיין וואס אמאל פאמעלעכער.

— דאס איז דער עלטסטער קארידאר, הערסטו! דער עלטסטער קארידאר פון אונדזער גאנצן קוילנגרובן — האט זיך אנגערופן צו ישכרן דער, וואס איז פון פארנט געגאנגען.

ישכר האט יענעמס פנים נישט געזען, אבער געפילט האט ער די פריינדלעכקייט פון זיין שטימע. אים האט זיך פלוצעם געגומען דאכטן, אז ס'איז גארנישט אזוי טונקל דא, אז ער זעט איצט דעם קוילנגרובן דורך און

דורך. פאראַן דאָ אַזוי פיל כוחות, אָפענע און פאַרבאָרגענע. און דאָס אַלץ דאַרף מען ערשט אַרויסבאַקומען.

נישט פילנדיק האָט ער אָנגעהויבן אונטערברומען עפּעס אַ ניגון. עמעץ האָט צו אים פריילעך אַ זאָג געטאָן:

— מיט דיר וועט וויל זיין צו אַרבעטן. אַ, ביי אונדז האָט מען ליב פריילעכע יאַטן.

ישכר האָט אויפגעכאַפּט דעם נישט-רוסישן אַקצענט אין די וואָרט־ מע רייד. פון דעם פרעמדן אַקצענט האָט אויף ישכרן אַ ווייע געטאָן מיט היימישקייט. שפּעטער האָט ער אים נעענטער דערקענט, דעם קאָרעער קים, מיט די לענגלעכע, שוואַרצע אויגן, פון וועלכע עס האָט אַרויסגע־ קוקט געטרייע חברישקייט און גרייטקייט צו העלפן.

צוויי יאָר איז ער אין ראַטנפאַרבאַנד און ס'איז אים נאָך אַלץ שווער צו באַהערשן די רוסישע שפּראַך. אַנדערע גייט עס גרינגער. אַט, למשל, דער פוילישער בחור סאַדאָווסקי, וואָס איז מיט עטלעכע טעג פריער גע־ קומען אין קוילנגרובן און איז איצט מיט אים אין איין בריגאַדע — ער רעדט רוסיש ווי אַ וואַסער, כאָטש אין ראַטנפאַרבאַנד איז ער אַזוי לאַנג ווי ישכר. פאַר די עטלעכע טעג פילט זיך שוין סאַדאָווסקי אין קוילנ־ גרובן, ווי אין אייגענער. ער גייט פאָרויס, צוזאַמען מיטן בריגאַדיר, און רעדט וועגן דער „וואַנט”, וואָס זיי האָבן נעכטן איבערגענומען פון אַ צוויי־ טער בריגאַדע.

זיי זענען פאַרביי איין קאָרידאָר, אַ צווייטן. ערטערווייז האָט מען זיך געמוזט אָראָפּבייגן נידעריק, וואָס אַמאָל נידעריקער.

— גיב אַכטונג, זאָלסט זיך נישט צעקלאַפּן דעם קאָפּ — האָט ישכר געהערט דעם קאָרעערס שטים — באַלד וועט מען דאַרפן דורכגיין אַ קאָ־ רידאָרל, וואָס האַלט אינגאַנצן אַכציק צענטימעטער די הייך.

ערגעץ פון דער טיף האָבן געוואונקען קליינע ליכט-פלעמלעך און פון דאָרט איז דערגאַנגען אַ געדעמפּטער געפילדער פון קילאַפּן, וואָס האָבן זיך איינגעביסן אין דער וואַנט. אַלע גייען איצט געבויגן. אונטער די פיס נעמט פּליעסקען וואַסער. זייערע בענזין-לעמפּלעך וואַרפן אַ געלבלעכן שיין אויף די קאַלוזשעס. איצט פאַרשטייט שוין ישכר, פאַרוואָס מ'האָט אים געגעבן גומענע שטיוול. עפּעס רינט אים אויפן פּנים. ער גיט זיך נישט אָפּ קיין חשבון, אַז ער איז אינגאַנצן אין שוויים.

דאָס גיין ווערט וואָס אַמאָל שווערער. דער רוקן טוט וויי פון כסדר־ דיקן בייגן זיך. ער מוז זיך איצט אָנשטרענגען נישט צו פאַרלירן דעם קאָרעער, וועלכער קריכט זייער פלינק צווישן די פילאַרן. ישכר האָט זיך שוין עטלעכע מאָל אָנגעשטויסן מיטן קאָפּ אין אַרויסשטייענדיקע

בלומעס. דער קלאפ איז געווען א הילכיקער, דער קארעער האט עס אוש דערהערט.

— זעבסט שוין — טענהט ער — ווי נייטיק ס'איז דא א העלם, ווען נישט דער העלם, וואלסטו שוין געהאט א פולן קאפ מיט בײלן.

דער וועג צו זייער „וואנט" איז געווען א לאנגער. פון צייט צו צייט האט דער בריגאדיר זיך אנגערופן:

— קים, האסטו נישט פארלוירן אין וועג דעם נייעם?

זיי זענען צוגעקומען צו אן ארט, ווו די קארידארן האבן זיך געקרייצט. דער בריגאדיר האט געהייסן אפרוען זיך.

— דער נייער האט זיך שוין פארסאפעט — האט ער געזאגט און דערביי גענומען באטראכטן מיטן לעמפל דעם סופיט.

א מינוט האט קיינער נישט אויסגערעדט קיין ווארט. אין דער שטילקייט האט זיך געהערט ווי עס פלאצן די קוילנוועגס. יששכרן האט זיך כבוד געדוכט, אז אט־אט פאלט אים עפעס אויפן קאפ און דריקט אים צו. אים האט געוואונדערט די גלייכגילטיקייט פון די איבעריקע קוילנגרעבער. קים האט, ווייזט אויס, באמערקט זיין חידושן זיך.

— אזא פלאצן פון די ווענט — האט ער זיך אנגערופן — האט קיין שום באדייטונג נישט. צו דעם געוווינט מען זיך שנעל צו. דער עיקר — מע דארף האבן אן אויג, כדי דורכצודרינגען א סופיט דורך און דורך.

עמעץ פון דער גרופע האט א זאג געטאן:

— מיט צוויי וואכן צוריק האט עס וויניק געפעלט, עס זאלן זיין קרבנות. דער שטיגער האט די געפאר באמערקט אין דער לעצטער מינוט.

— א פאנאנדערפאל — האט סאדאווסקי פאבמעניש צוגעגעבן.

דאס הארץ האט ביי יששכרן געזעצט ווי מיט האמערס. ער האט אבער מיט אלע כוחות זיך אנגעשטרענגט, מע זאל אויף אים גארנישט נישט דערקענען און זיך ווילעריש אנגערופן:

— און אז עס געשעט, איז וואס? מיט וואס זענען מיר בעסער פון די זעלנער אויפן פראנט? ס'איז א מלחמה!

זיי האבן נאך געדארפט דורכגיין א נידעריקן קארידאר. דא איז מען שוין נישט געגאנגען, נאר געקראכן. אפילו דעם קאפ איז שווער געווען אויפצוהייבן. איבער זיך האט יששכר געזען בלויז הילצערנע בעלקעס, צווישן וועלכע ס'האבן זיך דראענדיק געבויגן די אראפהענגענדיקע קוילנברילעס. ביי די זייטן האבן מענטשן געארבעט ליגנדיק מיט די קעפ ארויף, מיט האמערס פארפעסטיקט די שטעמפל־בעלקעס, די קוילן זאלן זיך נישט אפרייסן.

ישכר וויל נאָכמאַכן קימען און זיך הוקן אַזוי פלינק ווי ער. ס׳גייט אים אָבער נישט. ער מוז זיך מיט ביידע הענט אָנהאַלטן אין דער הער. וואָס צעפירט די לופט איבערן גאַנצן קוילנגרובן. טיילמאָל פאַרהאַלט ער זיך אַ רגע. ער אָטעמט אַריין אין זיך דעם זיסלעכן קוילן-ריח און שאַרט זיך ווייטער נאָך דעם קאָרעער. פון די שפּאַרעס, ביי דער באַהעפטונג פון די רערן, רייסט זיך אַרויס לופט. ער טרינקט זי ממש מיט גרויסע שלונגען, אַזוי ווי וואַסער, און אײַלט ווייטער נאָך דער בריגאַדע. דער וועג גייט איצט באַרג אַראָפּ.

— אָט דאָ איז אונדזער סאַלאָן — האָט דער בריגאַדיר אויסגערופן, ווען זיי זענען אָנגעקומען אויפן אָרט.

אין דעם פאַרנעפּלטן ליכט פון די באַרג-לעמפּלעך האָט דער קאָרידאָר אויסגעזען ווי אַ סקעלעט פון אַ פאַרשטיינערטער חיה. פון צווישן די הילצערנע ושעבר׳ן האָבן, ווי פאַרטריקנטע שטיקער הויט, אַרויסגעשטאַרט די פלאַטשיקע קוילן-שטיינער.

דער בריגאַדיר האָט איינגעטיילט די אַרבעט. ישכר האָט זיך באַמיט אָפּצוטרייסלען פון זיך יעדן סימן פון שוואַכקייט. אייגנטלעך איז ער דאָך געווען צוגעגרייט צו דעם אַלעמען. נאָך איידער ער איז אַראָפּגעגאַנגען אונטן איז ער געווען איבערצייגט, אַז דאָ הערט נישט אויף צו דונערן פון די אויפרייסן און פאַנאַנדערפאַלן.

טראַכטנדיק אַזוי, האָט ער זיך מיטאַמאָל קלאָר געמאַכט די אויסערגעוויינלעכע שטילקייט, וואָס הערשט אין קאָרידאָר. די פאַרשטיינערטע שיכטן, וואָס רוען דאָ שוין מיליאָנען יאָר, גיבן נישט אַרויס פון זיך קיין שום קלאַנג. אויך די מענטשן דאָ זענען שווייגנדיק און האַרט. די שרעק האָט אָפּגעלאָזט.

יענעם ערשטן טאָג האָט ישכר געאַרבעט ביים לאָדעווען די קוילן אויף די הונדן.

## III

ס׳האָט שוין אָנגעהויבן צופאַלן דער אָוונט, ווען ישכר איז אַרויס פון באַד. ער האָט זיך געשלעפּט איבער די גאַסן אַ מידער, אַ דערשלאָגענער. דער ווייטיק אין די קני האָט געצויגן און זיך צעגאַנגען מיט אַ נאָגנדיקער שאַרפקייט איבערן גאַנצן קערפּער. נאָך וואָס איז ער געגאַנגען אַרבעטן אין די קוילנגרובן? בעסער וואָלט ער געהאָרכט איטקען. די אַרבעט

אַליין איז אַ שווערע. הערצו נאָך די שטענדיקע פינצטערניש, די געפאַר אויף יעדן טראָט.

עס זענען אים אַנטקעגנגעקומען די קליינע פאַרשטאַט-הייזלעך: ביי די פורטקעס זענען געשטאַנען פרויען, מיט די הענט, ווי דאַשקעס, איבער די אויגן. מיט אַ פריינדלעכן שמייכל האָט איינע, אַ צווייטע ביי אים געפרעגט:

— האָבט נישט געזען מיינעס? קוראַבאַוון האָסטו נישט באַגעגנט? ער גייט שוין?

ווי נישט ווי האָבן זיך אויך דורכגעוואָרפן ליימענע קיביטקעס. פון די קוימענס האָבן זיך געצויגן דיקע שנורן רויך. צווישן די ביימער פון אַ גרינס-גערטנדל האָט זיך געפאַרעט אַן אַלטער קליינבערדלדיקער קאַזאַך. ווען ישכר איז פאַרבייגעגאַנגען האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, זיך אויסגעגליכט, און אַ זאָג געטאָן:

— זדראַסטוויטיע! אַ היץ היינט געווען. אַביסל רעגן וואָלט צונוץ געקומען.

— יאָ, עס וואָלט צונוץ געקומען — האָט ישכר איבערגעחזרט.

פון אַ פורטקע איז אַרויסגעקומען אַ יונגע קאַזאַטשקע מיט קאָראָמיסלעס אויף די אַקסלען. די קאַנען פון ביידע זייטן האָבן זיך געהוידעט צום טאַקט פון אירע טריט. פונעם מויל ביז צו אירע ברוינע מאַנדלאויגן האָט זיך געשפּרייט אַ וואַרעמער שמייכל.

— זדראַסטוויטיע!

ישכר האָט שמייכלענדיק געענטפערט אויף דעם גרוס און געפילט הערביי ווי ער וואָלט די מענטשן אָפּגענאַרט. צי וואָלטן זיי זיך מיט אים אַזוי פריינדלעך באַגריסט, ווען זיי ווייסן, וואָס פאַר אַ מחשבות עס ראַיען איצט אין זיין מוח. זיי טראַכטן געווים, אַז ער גייט אַהיים, ווי אַלע קיילנגרעבערס, אַ צופרידענער פון דעם טאָג אָפּגעטוענער אַרבעט, און ער שלעפּט זיך גאָר אַהיים ווי אַ פאַרשפּילטער...

נאָענט פון זייער הייזל איז אים אַנטקעגנגעלאָפן איטקע מיט אַ לאַכנדיק פנים.

— ישכר!

— איטקע!

זי האָט אַ ציטער געטאָן, ווי דורכגענומען פון אַ פּלוצלינגדיקער שרעק און איז געבליבן שטיין ווי געפּלעפט:

— זע נאָר ווי דו זעסט אויס, ישכר!

די ווייעס האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט איבער אירע אויגן, פאַרשטאַנען

האָט זי זיך אַרונטערגעלאָזט אויף אַ גרויסן, דורכגעוואַרעמטן שטיין, וואָס איז געלעגן נעבן טויער.

— וואָס איז דיר? — האָט ער קוים אַרויסגערעדט.

זי האָט געעפנט די אויגן און אין אירע שוואַרצאַפּלען האָט ער געלייענט אַזוי פיל שרעק און זאָרג, אַז ער איז אַליין געבליבן שטיין אַ פאַרחידושטער.

— דו זעסט דאָך אויס ווי נאָך אַ טיפוס... וואָס האָט מען פון דיר דאָרט געמאַכט?

— אַזוי שרעקלעך זע איך אויס? — האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט.

ער האָט נאָכנישט געוווּסט, אַז ווי מע זאָל זיך נישט וואַשן מיט זייף וואַסער, בלייבט דאָך דער שוואַרצער קוילנשטויב אַרום די אויגן און זויעב. צוליב דעם, האָט איצט זיין פנים געהאַט דעם אויסדרוק פון אַ שווער איבערגעלעבטער קראַנקהייט. כדי דער שטויב זאָל אינגאַנצן אַראָפּ, דאַרף מען פריער זיך איינשמירן מיט וואַזעלין און דערנאָך אָפּוואַשן, אויפן קוילנגרעבערישן שטייגער, מיט די מוסקולן פון די הענט.

זיי זענען שווייגנדיק אַריין אין שטוב. דער ריח פון פריש־אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפל האָט געקיצלט אין נאָז. ישכר האָט מיט אַ מוראדיקן אַפּעטיט זיך אַ וואָרף געטאָן צום עסן און נישט באַמערקט, ווי איטקע האָט זיך אויסגעדרייט צום נידעריקן פענצטער און שטיל געוויינט.

דערהערט איר שלוכצן, האָט ער אַוועקגעשטעלט דעם טעלער, אָנגעהויבן שפּרייזן אַהין און צוריק איבער דעם קליינעם שטיבל, אָפּגעשטעלט זיך נעבן איר און שטיל געפרעגט:

— וואָס וויינסטו? איז אונדז דען אַזוי שלעכט?

איטקע האָט אויף אים געקוקט מיט גלאַנציק-פייכטע אויגן, אין וועלכע ס׳האָט זיך געשפּיגלט מוטערלעכע זאָרג. עס זענען פאַר אים מיטאַמאָל אויפגעקומען זייערע ביידנס איבערלעבענישן, זייער אַנטלויפן פון לאָדזש, דער גיהנום אויפן וועג צו דער גרענעץ, די פינצטערע נאַכט, ווען זיי זענען אַריינגעפאַלן צו די היטלעריסטן און דערזען דעם טויט פאַר די אויגן. ווי העלדיש זי האָט זיך דעמלט געהאַלטן. פאַרוואָס איז זי איצט אַזוי שוואַך?

— טאָמער זאָל מיט דיר, חלילה, עפּעס געשען, איז מיין לעבן גאָרנישט ווערט... כ׳וועל אַרבעטן טאָג און נאַכט, נאָר גיי נישט מער אין קוילנגרובן. כ׳בעט דיך, גיי נישט! כ׳וועל אַרבעטן פאַר צוויי...

דער ווייטיק אין דער קני האָט געצויגן ביים האַרץ. ישכר האָט זיך פד אַליין געוואָלט איינרעדן, אַז אָט באַלד וועט עס דורכגיין. איטקע האָט געפּרוּווט לייכט אָנטאַפּן דעם פוס. ער האָט אַזש אַ געשריי געטאָן.

די געשוואָלענע קני האָט געקראָגן אַ בלוילעך־געלבלעכע קאָליר. זייגע אויגן האָבן זיך פֿאַרצויגן מיט שרעק. פֿון איטקען אָבער איז דאָס געוויין אינגאַנצן אַוועק. זי האָט זיך שנעל גענומען מאַכן קאָמפּרעסן, אי־בּטעם ווי געצוואונגען זיך אויסצוטאָן און לייגן זיך אין בעט. זי איז אַוועק צו אַ שכנטע און געבראַכט אַביסל שפּירט איינצורייבן די קני.

די שכנטע, אַ רוסישע פֿרוי, איז אויך באַלד אַריינגעקומען, געעצהט צוצולייגן אַ קאָמפּרעס פֿון באָראָווע וואַסער, עס זאָל אַרויסציִען די היץ. זי איז אינמיטן רעדן אַרויס פֿון שטוב, שנעל צוריקגעקומען מיט אַ מע־שענעם סאַמאָוואַר און זיך ווי פֿאַרענטפֿערט:

— ביי מיר זענען פֿאַראַן צוויי סאַמאָווארן. פֿאַרן אַוועקגיין אין דער אַרמיי האָט מיין מאַן געקויפֿט אַ נייעם, אַ קלענערן אַביסל, ס'זאָל שנעלער אויפֿקאָכן.

איטקע איז געשטאַנען אַ פֿאַרפּלאָנטע. זי האָט זיך אין אָנהייב גע־פּרוּווט אַקעגנשטעלן, אָבער פֿון דער שכנטעס אויגן איז געגאַנגען אַזאַ פּשוטע, קרובהשע גוטסקייט, איז זי שטיל געבליבן.

— צוביסלעך וועט איר זיך אַלץ איינקויפֿן — האָט די שכנטע גע־טענהט — אין די קוילנגרובן פֿאַרדינט מען גאַנץ גוט... איר וועט איבער־לעבן די נאַכט אין בעט, ס'געשווילעכץ וועט אַוועק, און איר וועט זיין אַ נייער מענטש.

ביי איטקען האָט די צונג זיך גענומען פּלאָנטערן:

— צי מוז מען עס דווקא אַרבעטן אין די קוילנגרובן? אין דער פֿינצטער, אין שמוץ? ער האָט דאָך אַן אַנדער פֿאַך... — זי האָט געוואָלט אָנרופֿן ישׂכרס פֿאַך, אָבער פֿאַרגעסן ווי הייסט אַ טאַפּעצירער אויף רו־סיש, — אַ גוט פֿאַך, בעסער ווי קוילנגרעבער.

די שכנטע האָט גוטמוטיק געשמייכלט.

— ביי אונדז איז קוילנגרעבעריי דאָס חשובסטע פֿאַך. צעקלאַפּן די קני קאָן מען זיך ביי אַן אַנדער אַרבעט אויך. נישקשה, ס'וועט זיך אויס־היילן, וועט איר אינגאַנצן אַנדערש רעדן.

צו איטקען זענען די דאָזיקע רייד גאָרנישט צוגעשטאַנען, אָבער ענטפֿערן האָט זי נישט געהאַט וואָס. גוט, וואָס יענע האָט אָנגעהויבן רעדן פֿון עפּעס אַנדערש. זי האָט דערהאַלטן אַ בריוו פֿון איר מאַן. ער געפֿינט זיך אויפֿן סאַמע פֿראָנט. ער שרייבט, אַז די היטלעריסטן מאַכן אַלץ חרוב, שוינען נישט קיין פֿרויען, קינדער, זקנים.

ווען די שכנטע איז אַוועק, האָט איטקע צוגעטראָגן דעם סאַמאָוואַר צו ישׂכרן.

— זע װאָס פּארא מענטשן דאָ זענען — האָט זי מיט אַנטציקונג זיך אָפּגערופן.

— געדענקסט די איװואשקאָװע? — האָט ישכר דערמאָנט.

זי האָט זיי פאַראַיאָרן אין משעליאַבינסק אַליין אַרײַנגעבראַכט א טיש, צװיי שטולן.

זיי האָבן גענומען שמועסן װעגן דעם נײַעם אָרט. װי גוט װאָלט עס דאָ געװען, װען מיט זיי זאָלן אויך זײַן די עלטערן, די ברידער, די שװעסטער. אַלע װאָלטן דאָ געקראָגן אַרבעט, אַלע װאָלטן געלעבט װי די מענטשן.

# IV

אויף צומאָרגנס איז ישכר נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. א גאַנצן טאָג איז ער געלעגן אין בעט. פאַר מיטאָג האָבן זיך די שעהן געצויגן מאָגאַטאָן און לאַנג. דער װײַטיק אין דער קני האָט אויפגעהערט. אָבער שטעלן זיך אויפן פוס האָט ער נישט געקאָנט. די שכנטע, װאָס איז באַלד אינדערפרי געקומען דערװיסן זיך, װאָס ער מאַכט, האָט באַשטעלט א דאָקטער. ער איז געקומען אַרום מיטאָגצייט, געהייסן װײַטער צוליגן קאָמפּרעסן און אויסגעשריבן ישכרן א באַפרײַונג פון דער אַרבעט אויף דרײַ טעג. אימקע איז אים פון געװוינהייט, נאָך פון דער אַלטער היים, נאָכגעגאַנגען מיט א פּאָר רובל אין דער האַנט. דער דאָקטער האָט גוטמוטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין: „ביי אונדז, מאַכטעשי, באַצאָלט דעם דאָקטער די מלוכה".

ביי דער טיר איז ער שטיינגעבליבן און א זאָג געטאָן:

— פאַר דעם געלט קויף בעסער דעם מאַן מילך, פּוטער. װען ער װעט קריגן די ערשטע פּרעמיע אין דעם קױלנגרובן, װעסטו מיך פאַרבעטן אויף א גלעזעלע... דײַן מאַן װעט זיכער זײַן א סטאַכאַנאָװיעץ. א יונג — װי א דעמב.

„װידער דער קױלנגרובן" — האָט עס א טקען א קלעם געטאָן ביים האַרצן. — צו אַנדערע אַרבעטן דאַרף מען דאָך אויך האָבן מענטשן...

אויף מאָרגן איז דאָס געשװוילעכץ אינגאַנצן פאַרשװוּנדן. ישכר איז אויפגעשטאַנען אין אויסגערוטער, אין א גוטער שטימונג. ער האָט זיך אָפּראַזירט, אָנגעטאָן די אויסגעפּרעסטע הױזן, א װײַס העמד, און איז אַרויס אין גאַס.

די גאַס האָט געגליט אין דער זון. די שיפֿע און פּלאַטשיקע דעכער פֿון די נידעריקע הייזלעך האָבן זיך געסמאַליעט אין דער היץ. ישׂכר האָט געפֿילט ווי ס'קוועלן אין אים די מוסקולן, ווי ס'ריזלט דאָס בלוט אין זיינע גלידער.

מיט א לאַנגזאַמען טראָט האָט ער שפּאַצירט אין דער ריכטונג צום מאַרק. קאָלווירטניצעס זענען אָנגעפֿאָרן מיט פֿורן פֿלייש, האָניק, מעל, פּוטער. אַזויפֿיל גוטס! קאַזאַכסטאַן גיט אַזויפֿיל פֿאַרן פֿראָנט, און די מענטשן דאָ פֿירן א זאַט לעבן. עלטערע קאַזאַכקעס אין קאָלירטע פּאַ־טשיילעס האָבן פֿאַרקויפֿט געשטריקטע וואָלענע זאַכן. א יידישער יונ־גערמאַן האָט זיך דאָ געדרייט, גענישטערט מיט די אויגן אין אַלע זייטן, באַשמעקט די לופֿט. דערזען ישׂכרן, איז ער צו אים צוגעגאַנגען מיט א סודותדיקער מינע.

— איר קויפֿט עפּעס? פֿאַרקויפֿט?

ישׂכרן האָט א פּלאַם א שלאָג געגעבן אין פּנים אריין. אָט פֿאַר וואָס מען נעמט אים אָן; ער האָט אויף יענעם א בליק געטאָן מיט כעס און פֿאַראַכטונג און איז שנעל אַוועקגעגאַנגען. דעם גאַנצן וועג אַהיים האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו טראַכטן וועגן יענעם יונגנמאַן מיט די נישטערנדיקע אויגן.

צוריקגעקומען אין שטוב אריין, האָט ער דאָרט געטראָפֿן דעם קאַ־דייער, קימען. קים האָט איצט אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש ווי אין קוילנגרובן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין א ווייסן רעקל. ערשט איצט האָט ישׂכר באַמערקט ווי יונג ער איז.

— כ'האָב געמיינט, אז דו ביסט טויט־קראַנק — האָט זיך קים אָנ־גערופֿן — און דו שפּאַצירסט נאָר אַרום... מיר זענען געווען אומרואיק צוליב דיר.

ישׂכר האָט זיך פֿאַרטראַכט: פֿאַרוואָס טאַקע איז ער היינט נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט? דער דאָקטער האָט אים געגעבן א באַפֿרייונג, אָבער ער פֿילט זיך דאָך געזונט.

קים האָט באַמערקט אַן אומעט אויף ישׂכרס פּנים. וועלנדיק אים צעשטרייען, האָט ער זיך אָנגערופֿן:

— דער בריגאַדיר האָט מיך געבעטן, כ'זאָל א קוק טאָן, וואָס דו מאַכסט. דו ווייסט? מיר זענען שוין ביי דער נייער וואַנט.

ישׂכר האָט נאָך אַלץ נישט אויסגעפֿונען, וואָס ער דאַרף זאָגן קים'ן.

וואָס, אייגנטלעך, באַשליסט ער: גיין מאָרגן אין קוילנגרובן, אָדער זוכן זיך אַן אַנדערע אַרבעט?

קים האָט ווי דערפילט, אַז זיין הילף איז איצט נייטיק. ער איז צוגע־גאַנגען צו ישכרן, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף זיין אַקסל און מיט אַן אויפ־געהייטערט קול געזאָגט:

— כ'מיין, אַז דו פילסט זיך שוין נישקשה. וועסטו מאָרגן זיכער קומען צו דער אַרבעט. מיר מוזן דאָך אויספירן דעם פּלאַן. מע דאַרף העלפן העם פּראַנט...

ישכר איז רויט געוואָרן. אַזאַ פּשוטע זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט איז געגאַנגען פון קימס ווערטער. ווי האָט ער געקאָנט, אפילו אויף איין מינוט, אַנדערש טראַכטן! ער האָט געוואָלט קים'ען עפּעס זאָגן, פאַר־ענטפערן זיך, דאַנקען. אָבער ער האָט קיין ווערטער נישט געפונען. זיין ענטפער איז אַרויסגעקומען ווי געשטאַמלט:

— יאָ, נו, געוויס. איך וועל גיין צו דער אַרבעט. געוויס...

— אויף מאָרגן האָסטו דאָך נאָך אַ באַפרייונג? — האָט אימקע זיך פּלוצלונג אַריינגעמישט.

— נישט וויכטיק — האָט ישכר, קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס, איבערגעקוקט זיך מיט קים'ען, דערזען דעם צופרידענעם שמייכל אויפן קאַרעדם פּנים, האָט ער זיך פאַנאַנדערגעלאַכט הויך און האַפערדיק.

# V

פון דעמלט אָן האָט אימקע מער קיינמאָל נישט געפּרוווט אָפּהאַלטן ישכרן פון גיין אין קוילנגרובן. די ערשטע טעג פלעגט ישכר נאָך אַלץ אַהיימקומען אַ שטאַרק מידער. זיינע דלאָניעס, נישט צוגעוווינטע צו קיין לאָפּאַטע, האָבן אומברחמנותדיק געברענט, בלאָזן זענען אויפגע־לאָפן און געפּלאַצט. אין דער היים פלעגט ער שאָקלען מיט די הענט, בלאָזן אויף זיי און, נישט־ווילנדיק, שטיל אונטערקרעכצן.

— ס'וועט דורכגיין — פלעגן זאָגן די קוילנגרעבער — אין אָנ־הייב האָבן ביי אונדז אַלע געברענט די הענט. שפּעטער וועלן זיי ביי דיר ווערן האַרט, ווי לעדער.

בעת דער אַרבעט פלעגט אים פייניקן דער דורשט. וואָס מער ער האָט געטרונקען, אַלץ מער האָט די טריקעניש געברענט אין האַלדז.

— הער אויף אַזוי צו זשלאָקען דאָס וואַסער — האָט אים קים געוואָרנט — עס מאַכט נאָך ערגער.

ער האָט זיך געצוואונגען נישט צו טרינקען אַזויפיל, אָבער דער דורשט האָט ניט אויפגעהערט צו פּייניקן. אין קאָפּ האָט אים גערוישט און געברענט ווי א פייער.

אין די דאָזיקע ערשטע טעג האָבן די אַכט שעה אין דער טיפעניש פון דער ערד אויסגעזען ווי אַן אייביקייט. ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער וועט זיך שוין קיינמאָל נישט צוגעוויינען צו דער דאָזיקער אַרבעט. ער האָט זיך באַמיט נישט אַרויסצווייזן די שרעק, וואָס פלעגט אים אָרומכאַפּן נאָך אַן אויפרייס, ווען אַ דערנעבנדיקער סופיט האָט געפּלאַצט מיט אַ טראַסקעריי און ריזיקע שטיקער האָבן איבער־געבראָכן בעלקעס. דאָס האַרץ האָט ביי אים געטיאַכקעט, ער איז אָבער נישט אַוועק פונעם אָרט און ווייטער געאַרבעט, פונקט ווי קים, וואָס האָט רואיק געעקבערט די וואַנט מיטן עלעקטרישן בויער.

מיט מי פלעגט ער קוים דערציען ביזן סוף פון דער שיכט, דערנאָך א שרעקלעך־פאַרמאַטערטער זיך שלעפּן צום גרויסן קאָרידאָר. ס'פלעגט אים שטאַרק שלעפערן. ער האָט זיך געמוטשעט אָנשטרענגען, כדי נישט אַרונטערצופאַלן אונטער די לויפנדיקע וואַגאָנדלעך. מיט קלעפּעדיקע, צופאַלנדיקע אויגן איז ער אַרויפגעפאָרן אין דער הייך. סאַדאָווסקי האָט אים געשטורכעט:

— הער, שלאָף נישט. מיר זענען שוין אינדערהייך.

די ליכטיקייט האָט אים שנעל אויפגעמונטערט. אין באָד איז ער לאַנג געשטאַנען אונטערן שפּריץ. די וואַרעמע שטראָמען וואַסער האָבן אין אים צעריזלט דאָס בלוט. די קוילנגרעבער האָבן זיך פריילעך איבער־געוואָרפן, דערציילט וועגן געלונגענע אויפרייסן און גוטע „וועגט", באַריסט זיך מיט איבערגעשטיגענע נאָרמעס.

סאַדאָווסקי איז געווען מיט א קאָפּ נידעריקער פון ישכרן, אָקסלען האָט ער אָבער געהאַט ברייטע. שטענדיק א לוסטיקער, האָט ער גערעדט אַזוי, גלייך ווי ער וואָלט שוין יאָרן געאַרבעט אין די קוילנגרובן. מיט אַלע איז ער געווען אויף „דו" אין אויפן וווּנק פאַרשטאַנען, וואָס דער בריגאַדיר וויל פון אים.

— וויפל האָסטו היינט פאַרלאַדעוועט? — האָט ער אַהיימגייענדיק געפרעגט ביי ישכרן.

— צוועלף וועגעלעך. די נאָרמע איז צען.

סאַדאָווסקיס פּנים האָט באַקומען א פאַרוואונדערטן אויסדרוק. ער האָט א טרייסל געטאָן זיין העלע טשופּרינע און מיט זיכערקייט געזאָגט:

— וועסט זען, אין קורצן וועלן מיר זיין סטאַכאַנאָווצעס. נישט

ערגערע פון סערבינען, פון קארגאנאַזון. מיר דארפן ווייזן, אז מיר שטייען נישט אָפּ.

אין גאנג האָבן זיי זיך אויף א באַגראַזטן פלאַץ אוועקגעזעצט אָפּרוען. עטלעכע מינוט זענען זיי געזעסן שווייגנדיק, פארטראַכט... אין שטוב וואַרט איטקע מיטן עסן. זי דארף נישט דערקענען אויף אים זיין שטאַרקע מידקייט.

— סאַדאָווסקי...

— וואָס?

— עפּעס אַזאַ מוראַדיקע שווערקייט אויפן האַרצן.

— א מוראַדיקע שווערקייט?

— פארשטייסט נישט?

— ניין.

— כ'פאַל פון די כוחות... און ס'ווילט זיך אויסהאַלטן, דערטראָגן.

— אין אָנהייב דאַכט זיך יעדן אַזוי.

— כ'אַרבעט דאָך שוין די צווייטע וואָך.

— ווייז די הענט... זעסט, ס'היילט זיך שוין. נאָך עטלעכע טעג און די אַרבעט וועט זיין ביי דיר א שפּילכל.

— און דו? ביסט אויך געווען אַזוי מיד אין אָנהייב?

— אַביסל. אָבער נישט אַזוי. איך האָב אינדערהיים געאַרבעט ביי שווארצער אַרבעט. צוועלף שעה פּאַר צוויי זלאָטעס א טאָג. און איינער געווען ביי אונדז האָט ער שטענדיק געשאָלטן, געשלאָגן. א שרעקלעכער מענטש געווען.

ישכר האָט געפילט, ווי ס'וואַקסט אין אים די צוגעבונדנקייט צו דעם דאָזיקן בחור. צוהערנדיק זיך צו זיינע רייד, האָט זיך אים געדאַכט, אַז סאַדאָווסקי איז א סך עלטער פון אים, כאָטש געווען זענען זיי אין איינע יאָרן.

ווען סאַדאָווסקי איז אַלט געווען עלף יאָר, האָט ער געאַרבעט ביי מישן צעמענט. מע האָט אים אָנגעטאָן ווי א דערוואַקסענעם און פאַרשריבן אַלס פופצניאָריקן. פינף אַזייגער פאַרטאָג האָט ער שוין געמוזט זיין ביי דער אַרבעט. די אויגן פלעגן זיך אים קלעפּן און ער האָט נישט געזען, ווי דאָס וואַסער גיסט זיך איבער. ווען ער האָט זיך נעכאַפּט, איז שוין געווען צו שפּעט. דער אויפזעער איז געשטאַנען לעבן אים מיט אויפגעהויבענע פויסטן און האָט אים געשלאָגן איבערן פּנים, איבערן קאָפּ, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

— עך, ברודערקע, ווען מיין טאַטע זאָל דאָ זיין און זען, וואָס דאָ הייסט זיין אַן אַרבעטער! — האָט סאַדאָווסקי געזאָגט — ער וואָלט

אוודאי צוריק געזונט געוואָרן. דאָ וואָלט מען אים אויסגעהיילט פון דער סוכאָטע. דאָרט אָבער איז ער א פאַרפאַלענער מענטש.

זיי האָבן זיך אויפגעהויבן, א ווײַלע געגאַנגען און געשוויגן.

— זעסטו, — האָט ווידער סאַדאָווסקי אָנגעהויבן — אַז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, און מיר וועלן צוריקקומען קיין פוילן, וועט עס ביים אַלטן נישט טאָרן בלייבן. עס מוז ביי אונדז זיין אזוי ווי דאָ. איצט ווייס איך, וואָס מע דאַרף טאָן... וואָס מיר וועלן טאָן, כדי די מאַכט זאָל ביי אונדז, אין פוילן, אויך זיין ביי די אַרבעטער...

ישכר האָט מיט אַלע חושים געפילט, אַז סאַדאָווסקי איז גערעכט, א סך האָבן זיי צווישן זיך גערעדט וועגן דעם, ווי אזוי ס'וועט זיין אין פוילן נאָך דער באַפרייונג. זיי האָבן צוזאַמען געלייענט און אויסגעטייטשט די ידיעות פון פראָנט, וואָס האָבן אָנגעהויבן ווערן אַלץ מער האָפערדיקע.

די אַרבעט האָט ישכרן אָנגעהויבן צו גיין בעסער. די לאָפּאַטע האָט עפּעס אויסגעזען לייכטער אין דער האַנט, כאָטש אָנגענומען האָט ער אויף איר צוויי מאָל אַזויפיל ווי פריער. די באַוועגונגען זענען געוואָרן שנעלערע, פלינקערע. ער פלעגט ארויסגיין מיט א האַלבער שעה פריער פון שטוב, כדי נייגעריק זיך צוצוקוקן צו דער מעכאַניזירונג. דעם קאָזאַך, וואָס האָט געאַרבעט ביי די מאָטאָרן, איז זייער געפעלן געוואָרן ישכרס אינטערעס צו די מאַשינען. ער האָט אים גערן געוויזן די מאַשינעריע, די ווענטילאַטאָרן, די פּאָמפּעס, דעם מאַנאָמעטער.

— ס'איז א פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט — האָט דער קאָזאַך מיט שטאָלץ דערקלערט — און מע מוז כסדר אכטונג געבן, ס'זאָל זיך נישט צו שטאַרק צעהיצן.

דער בריגאַדיר אַנדריי טיטאָוו האָט געקוואָלן פון ישכרס אַרבעט:

— האָסט, זע איך, ליב געקריגן דעם קוילנגרובן, טורקאָ, אמת? ער איז דיר שוין אַריין, ווייזט אויס אין בלוט.

יאָ, טיטאָוו איז גערעכט געווען. ישכר טורקאָ האָט שוין דערמיט אָנגעהויבן ליב צו האָבן דעם קוילנגרובן. אמת, ער האָט מיט קיינעם נישט גערעדט דערוועגן. דאָך האָבן עס די מענטשן פון זיין בריגאַדע ארויסגעפילט. ס'איז געווען א ליבשאַפט אָן ווערטער.

איינמאָל, ביים אַהיימגיין האָט אים פאַרטשעפּעט דער שטייגער פון זיין אָפּטיילונג, ראָזשמאַנאָוו:

— נו, טורקאָ, ווי גייט עס דיר? קיין „ביולעטין" פון דאָקטער דאַרפסטו נישט? ביסט געזונט, האָ?

ישכר האָט פאַרשטאַנען די אָנצוהערעניש און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ראָזשמאַנאָווס קול איז מילדער געוואָרן:

— האָסט זיך לעצטנס גענומען צו דער אַרבעט, אַזוי ווי אַן אמתער קוילנגרעבער.

שפּעטער האָט אים ראָזשמאַנאָוו דערציילט: ווען ער האָט זיך דערמאָנט דערוווּסט, אַז טורקאָ איז נישט געקומען צו דער אַרבעט, האָט ער גלייך געוואָלט זיך לאָזן צו אים אַהיים, אָנזידלען אים. אָן ערלעכער אַרבעטער דאַרף אַזוי נישט טאָן. יעדעס שטיקל קויל איז הילף פאַרן פראָנט. חוץ דעם איז עס אויסנוצעריש...

— אויסנוצעריש?

— יאָ, אויסנוצעריש! חברים פון דער בריגאַדע האָבן געטאָן דיין אַרבעט, פאַר וועלכער דו האָסט באַקומען באַצאָלט, הגם האָסט זיך אַרומגעדרייט מיט די הענט אין די קעשענעס. אָן ערלעכער קוילנגרעבער וועט עס קיינמאָל נישט טאָן. נאָר דו האָסט נאָכנישט געהאַט דערפילט דעם קוילנגרובן, די אַרבעט. איצט קאָן עס שוין זיכער נישט געשען. איך פיל אין דיר אַן אמתן קוילנגרעבער.

דעם וועג אַהיים האָט ישכר איצט געמאַכט אין גרויסע שפּרייזן. אויף אַזאַ אופן האָט ער אַ טבע אויסצולאָדן די ביטערניש, וואָס זאַמלט זיך ביי אים אָן אין האַרצן. איצט האָט די ביטערניש שנעל אָפּגעטראָטן דעם שטאָלץ, וואָס האָט אים באַהערשט, דערמאָנענדיק זיך ראָזשמאַנאָווס ווערטער: „איך פיל איר דיר אַן אמתן קוילנגרעבער!"

ער האָט זיך דערפילט אַן אָפּגעפרישטער, ווי ער וואָלט אַקאָרשט אַ פאַרגעקומען פון אַ וואַרעמען גאָס-רעגן. פון איינעם פון די אינטערנאַטן איז אַהער דערגאַנגען אַ הויך, יונג געלעכטער. באַלד האָט זיך אָפּגערופן אַ האַרמאָשקע, וואָס האָט אויסגעשפּילט אַ שפּרינגנדיקן טאַנץ. ישכר וואָלט זיך גערן אַ לאָז געטאָן צו דער דאָזיקער פריילעכער חברה, מיט זיי מיטטאַנצן, מיטזינגען.

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם ערשטן שמועס האָט ישכר ווידער זיך צונויפגעטראָפן מיט ראָזשמאַנאָוון. דאָס האָט ער אייגנטלעך אַליין געזוכט די געלעגנהייט, אים צו טרעפן אויג אויף אויג אין דעם שטיבערן-צימער. ער האָט אים געוואָלט זאָגן, אַז ער פילט זיך שוין באמת פאַר אַ גאַנצן קוילנגרעבער, ער פאַרשטייט די אַרבעט, אין דער בריגאַדע איז נייטיק אַ העקער...

אָבער עפּעס קומט נישט אַרויס דאָס, צו וואָס ער צילט. עפּעס האָט ער נישט דערזאָגט. און דאָ זיצט אַקעגן אים ראָזשמאַנאָוו און קוקט זיך אין אים איין מיט צוזאַמענגעצויגענע אויגן, גלייך ווי ער וואָלט זיך געקליבן אים אַריינצוזאָגן, פאַר זיין חוצפּה צו וועלן ווערן אַ העקער נאָך עטלעכע וואָכן אַרבעט. דאָס האָט ישכרן צעריצט. ער איז

גרייט מיט אלע כוחות צו פאַרטיידיקן זיין פאָדערונג. יאָ, אַזוי איז עס: ער פילט זיך בכוח צו טאָן די אַרבעט פון אַ קוילנהעקער נישט ערגער פון אַן אַנדערן!

ראַזשמאַנאָוו האָט, ווייזט אויס, באַמערקט די האַרטקייט אויף ישׂכרס פּנים. ער האָט גענומען קנייטשן דעם שטערן, געוואָרפן אַ זייטיקן בליק אויף דער מאַפּע, וואָס איז געלעגן אויפן שרייבטיש און זיך צוגע־רוקט צו ישׂכרן.

— זאָג נאָר, טורקאַ, וואָלסט געפונען דיין „שטרעקע" אויף דער דאָזיקער מאַפּע?

ישׂכר האָט געקוקט אויף די זיגזאַגיקע, קרומע און גלייכע ליניעס, און פאַר זיינע אויגן האָבן אויפגעלעבט אַלע קאָרידאָרן, פּאַראַלעלן, די הויכע און נידעריקע שטרעקעס. ער האָט אין דער געדיכטער נעץ גלייך אויסגעפונען די דינע, קורצע ליניע פון זיין „שטרעקע" און אויסגעצויגן דעם ווייז־פינגער:

— אָט־אָ דאָס איז זי!

ראַזשמאַנאָוו אויגן האָבן איצט געקוקט אויף ישׂכרן מיט אַנטציקונג, מיט באַגייסטערונג. געזאָגט האָט ער אָבער דעם איינעם, קורצן זאַץ:

— גוט, מאָרגן וועסטו זיך אַוועקשטעלן ביי דער וואַנט אַלס העקער.

נאָר געזאָגט האָט ער אַזוי, אַז סיי די ווערטער, סיי דער האַנט־דרוק ביים געזעגענען, זענען ישׂכרן לאַנג, לאַנג געבליבן אין זכרון. אין האַרצן האָט זיך ישׂכר דאַן געגעבן אַ שטילן נדר: ער וועט זיין אַזאַ ווי ראַזשמאַנאָוו!

ווען ער איז אַרויפגעקומען אויפן גרויסן הויף פון דעם קוילנגרוב, זענען זיינע טריט געווען גאָר אַנדערע ווי שטענדיק — מער זיכערע, פעסטע. פון דער סאָרטירערײַ האָט זיך געהערט דאָס גערויש פון די מאַ־שינען, דאָס געפּלעסקערײַ פון די טראַנספּאָרטיר־פּאַסן און פון די באַ־וועגלעכע שטאַלענע טאַשמעס. דורך די פענצטער איז געפלאָסן אַ שיטע־רער, שוואַרצער שטויב. דאָרט, ווו עס זענען געפאַלן די זון־שטראַלן, האָט עס געבלינצלט מיט שוואַרצע פונקען. דער וואַרעמער און זיסלע־כער ריח האָט דערמאָנט אין דער „שטרעקע", ווו ישׂכר האָט זיך שוין געזען אַלס העקער.

צוקומענדיק צום טויער, האָט ער דערהערט, ווי מע רופט אים. ער האָט זיך אומגעקוקט. קים, אַן אָפּגעוואַשענער און איבערגעטוישטער, האָט געפאָכעט צו אים מיט דער האַנט, ער זאָל וואַרטן אויף אים. ישׂכר איז אים אַנטקעגנגעגאַנגען אַ גרייטער גלייך צו דערציילן וועגן דעם שמועס מיט ראַזשמאַנאָוון. קים האָט שוין אָבער וועגן אַלץ געוווּסט.

— הייסט עס, אז פון מאָרגן אָן ארבעטסטו אלס העקער. כ'מיין, אַז דו בלייבסט אין אונדזער בריגאַדע?

— געווים!

ישכר האָט באַמערקט, אז חוץ דער שטענדיקער חברישקייט האָט קים לעצטנס ארויסגעוויזן צו אים אויך דרך־ארץ. אוודאי איז עס געווען אַ זעלטנקייט, אז עמעצער זאָל נאָך עטלעכע וואכן ארבעטן אין קוילנ־גרוב פארלאָדעווען 20 וועגעלעך.

— ביסט אַ כוואַט, טורקאָ!

ער האָט אים געוויזן אויף דעם ערן־טאָוול, איבער וועלכן ס'איז געהאָנגען אַ קאָלירטער אויפשריפט: „די סטאַכאַנאָווצעס זע־נען אונדזער שטאָלץ".

— אַז דו וועסט ווייטער אַזוי ארבעטן, וועסטו זיין צווישן אָט די אויפן טאָוול.

— כ'וועל זיין! — האָט ישכר געענטפערט.

די דאָזיקע ווערטער האָבן פאַר קים'ן נישט געקלונגען מיט זעלבסט־זיכערקייט. עס האָט גיכער זיך געפילט אין זיי די עקשנות פון אַ מענטשן, וואָס האָט דערקענט זיין כוח און ווייסט דעם וועג, ווי אַזוי צו דערגרייכן דאָס אַלץ, וואָס האָט די אַלע באַקאַנטע מענטשן פונעם טאָוול געבראַכט צום בכבודיקן אויבנאָן צווישן די קוילנגרעבער.

## VI

ראָזשמאַנאָוו האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו ישכרן, צו זיין שטייגנדיקער צוגעבונדנקייט צום קאָלעקטיוו. ער האָט געזען, ווי ס'וואַקסט ביי אים דאָס געפיל פון שטאָלץ, נישט בלויז מיט זיין אייגענעם איבער־שטייגן די נאָרמע, נאָר אויך מיט די דערפאָלגן פון זיין גאַנצער גרופע. ישכר איז איינגעשפּאַרט ביים באַזיגן די שוועריקייטן אין דער ארבעט. ס'איז קיינמאָל נישט צו באַמערקן, אַז ישכר זאָל וועלן זיך ארויסדרייען פון אַ שווערער וואַנט. פאַרקערט, ער נעמט אויף יעדע ארבעט מיט דער נאַטירלעכער גרייטקייט, וואָס איז אַזוי אייגנטימלעך פאַר די מענטשן פון דעם קוילנגרוב, די גרייטקייט, וואָס איז אַ רעזולטאַט פונעם ווילן זיך קעגנזייטיק צו העלפן, שטייענדיק פאַר גרויסע און שווערע אויפגאַבן.

די שטענדיקע גרייטקייט צו העלפן איינער דעם צווייטן, דאָס גע־פיל פון געמיינזאַמער אחריות איז אין די קוילנגרובן שטאַרק, פשוט

אין שטרענג, ווי פשוט און שטרענג ס'איז דאָס לעבן פון די מענטשן, וואָס באַקומען אַרויס פון די אינגעווייידן פון דער ערד ענערגיע און קראַפט פאַר דער גאַנצער פאָלקס־ווירטשאַפט, פאַרן נצחון פון פאָלק. דאָס דאָזיקע געפיל האָט אין טורקאָן געשטאַרקט דעם ווילן מער און גרינטלעכער צו דערלערנען דאָס נייע פאַך.

ישכר אַרבעט איצט מיטן בויער. ער לייגט צו דעם שפּיץ צו דער איבערשטער קוילנשיכט און בייגט אַוועק דעם קאָפּ, כדי דער שטויב זאָל אים נישט לויפן אין די אויגן אַריין. די פינצטערקייט אין דער שטרעקע איז אַזאַ, אַז זי שלינגט אַלץ איין, אויך דאָס ליכט פון די לעמפּלעך. דער אָפּהילך פונעם בוייערן קומט אַרויס אַזוי, ווי ער וואָלט זיך געשטיקט. די מענטשלעכע קולות ווערן שנעל דערטרונקען ערגעץ אין אַ טיפקייט. דערפאַר טראַכט זיך דאָ גוט. דער געדאַנק איז קאָנצענטרירט. די אַרבעט דאַרף זיין שכלדיק־גוט אויסגעפירט.

דער בויער שניידט זיך אַריין אַלץ טיפער אין דער גלאַנציקער וואַנט, און נישט ווילנדיק קערט זיך אום ישכרס געדאַנק צו איין און דעם זעלבן: אָט וועט זיך ענדיקן די מלחמה. דער היטלעריזם וועט זיין צעשמעטערט; קיין זכר וועט פון אים נישט בלייבן. ער קומט צוריק קיין פוילן. פוילן וועט זיין אַ פרייַ לאַנד. הערשן וועלן אַרבעטער, פויערים. און ער, דער אַמאָליקער יידישער טאַפּעצירער פון לאָדזש, וועט אַרבעטן אין אַ פוילישן קוילנגרובן... אַלטע באַקאַנטע וועלן זיך וואונדערן. ער איז אָבער נישט איינער. צענדליקער זעגען זיי געקומען — פון קאַראַגאַנדאַ, פון קוזבאַס.

דער קוילנשטויב איז אים אין אויג אַריין. צום טייוול! שוין צופיל פאַרטראַכט זיך, פאַרגעסן, אַז ער האַלט אַ בויער אין האַנט.

ער האָט אויסגעשלאָסן דעם בויער, אומגעקוקט זיך צי עמעצער האָט נישט באַמערקט זיין פאַרטראַכטקייט. היינט פאַרטרעט ער צום ערשטן מאָל דעם בריגאַדיר אַנדריי טיטאָוו. ער באַטראַכט מביניש די עפענונג פאַרן דינאַמיט. ער, וועט עס זיין אָפּגעטאָן אַ שטיקל אַרבעט, ווען עס וועט אָפּרייסן אַ פערציק וועגעלעך! ראָזשמאַנאָוו וועט עס הנאה טאָן: אַהאַ, טורקאָ קאָן בויערן...

ראָזשמאַנאָוו פלעגט אָפט צוקומען, כאַפּן אַ בליק, ווי ישכר אַרבעט. שטענדיק האָט ער געהאַט עפּעס צוצוווייזן, צולערנען. ישכר האָט מאָמענטאַל אויפגעכאַפּט יעדעס וואָרט. האָט זיך אַפילו צוגעוווינט צו קוקן אויף דער אַרבעט מיט ראָזשמאַנאָווס אויגן.

— אַלץ זעט ער — פלעגן די קוילנגרעבער זאָגן וועגן ראַזשמאַנאָוון — אומעטום האָט ער אויגן. ער קאָן מיט זיי אַ וואַנט דורכבויערן...

ערשט נישט לאַנג איז ער דאָ געווען, ראַזשמאַנאָוו. ער האָט באַקוקט די וואַנט, די פילאַרן און געזאָגט, אַז עס איז ענג, נישטאָ ווו אויסצודרייען זיך, שטויב... און טורקאָ האָט געפילט, אַז ראַזשמאַנאָווס אויגן דרינגען דורך ביז דער טיף פון דער נשמה. דאָ איז ווירקלעך געווען זייער ענג און נידעריק. ער, ישכר האָט דעם אָפּשניט פריוויליק אויסגעקליבן, ער וויל ווייזן, אַז ער שטייט נישט אָפּ פון אַנדערע. ער האָט זיך אָנגערופן:

— ס'איז טאַקע אַביסל צו נידעריק. ס'זאָל מיר נאָר געלונגען אַרויסצובאַקומען היינט די נאָרמע.

ראַזשמאַנאָוו האָט זיך ווי אָנגעכאַפּט דערין:

— ערשט איצט האָסטו זיך עס דערוווּסט? אַרבעטן אין קוילנגרובן — דאָס איז קאַמף, אומאויפהערלעכער קאַמף מיט דער נאַטור. ווען איך וואָלט דיך געהאַלטן פאַר'אַ שוואַך מענטשל, וואָלט איך דיך באַלד אין אָנהייב אַוועקגעשיקט פון דאַנען. די וואַנט וועט דיך נאָך נישט איינמאָל פרווון אַ בייג טאָן. דאָ — גאַז, דאָרט — אַ פילאַר. אַ קוילנגרעבער מיט כאַראַקטער און מיט אַ ביסל אייל אין קאָפּ האָט פאַר די ביטרע שטיקלעך נישט קיין מורא. ער וועט זיין נאָרמע שטענדיק איבערשטייגן.

ראַזשמאַנאָוו האָט גענומען פון אים דעם בויער און נאָכאַמאָל באַוויזן, ווי אַזוי מען דאַרף אים פירן, אַז קיין איין באַוועגונג זאָל נישט זיין קיין אומזיסטע. ביים אַוועקגיין האָט ער געזאָגט צו ישכרן:

— דו שטייגסט לעצטנס איבער די נאָרמע. דאָס איז גוט. אָבער מע טאָר קיינמאָל נישט זאָגן גענוג.

און אַנדער מאָל האָט מען ישכרן צוגעטיילט צום איבערבוי. די אַרבעט איז נישט געווען קיין שווערע. טוישן די שטעמפּלען, מאַכן די נעסטן. אָבער ישכרן איז דעם טאָג עפּעס נישט געגאַנגען. ער האָט כסדר געשוויצט, דער קילאָף איז אים געפאַלן פון די הענט. ביים אָפּגעבן די אַרבעט זענען קוים געווען אויפגעשטעלט דרייצן שטעמפּלען.

עס האָט אים פאַרלאָזן דער גלייכגעוויכט, ער האָט נישט געקאָנט באַהערשן די דענערווירטקייט. אַ שלעכטער מעטאָד, ווייזט אויס, דערפאַר אוודאי האָט ער היינט אַפילו די נאָרמע נישט געמאַכט.

אין גרויסן קאָרידאָר האָט ער זיך צונויפגעטראָפן מיטן בריגאַדיר אַנדריי טיטאָוו. אין אָנהייב האָט ער געוואָלט אַוועקדרייען דעם קאָפּ.

מיטאָו איז אָבער גלייך צוגעגאַנגען צו אים, אזוי ווי ער וואָלט אים ספּעציעל אָפּגעוואַרט. טורקאָ האָט א פארכמורעטער אים איבערגעגעבן:

— סך־הכל דרייצן. אַ פאַרשאָלטענער טאָג היינט געווען.

— אין דער אמתן? — מיטאָו האָט אים באַטאַפּט מיט די אויגן. מיט די הענט, ווי עפּעס אַ געפונענע וויכטיקע זאַך — דעם ערשטן טאָג האָסטו גלייך געמאַכט דרייצן שטעמפּלען! ביסטו דאָך אַ העלד, אויף מיין ערן־וואָרט — אַן אמתער העלד!

די דענערווירטקייט איז פון טורקאָן אָפּגעטראָטן. אָבער אויפן וועג אהיים האָט דער ווייטיק זיך ווידער אויפגעוועקט: פאַרוואָס האָט ער זיך אזוי אָנטציקט מיט מיינע דרייצן שטעמפּלען? אַנדערע מאַכן דאָך זיבעצן, אַכטצן און אפילו צוואַנציק.

צומאָרגנס האָט ער זיך אויפגעהויבן פריער ווי אַלעמאָל. אויף די גאַסן איז נאָך געווען אַ ווייסער נעפּל, וואָס האָט זיך געצויגן פון טמעפּ און איז דאָ געלעגן אומבאַוועגלעך, ווי אַ רויך אין אַ פּראָסטיקן פאַרטאָג. ס'איז געווען קיל, דאָך זענען אַ סך פענצטער געווען אָפן. ס'האָט זיך געהערט פון דאָרט אַ שטיל געדרודער. מענטשן האָבן זיך געגרייט צו דער ערשטער שיכט. פון ערגעץ האָט זיך געהערט אַ דין מיידלש געזאַנג וועגן אַ יונגן קעמפער, וואָס איז אַוועק אויפן פראָנט. ווי פאַרבאָרגענע זענען די טענער געקומען פון ערגעץ ווייט, פון דער טיפעניש פון אַ פאַרבענקטער נשמה. ישכר האָט פון גרויס איבערגענומענקייט כמעט צוגעמאַכט די אויגן. ער איז געבליבן שטיין און צוגעהערט זיך צו די ווערטער פונעם ליד, וואָס ער האָט שוין נישט איינמאָל געהערט. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ערשט איצט האָט ער באַנומען זייער פולן זין.

אין דעם הויז, פון וואַנען עס זענען געקומען די טענער, האָט אַ סקריפּע געטאָן די פורטקע און ס'האָט זיך באַוויזן אַ יונג מיידל. זי האָט זיך באַגעגנט מיט טורקאָס ברייט צעעפנטע אויגן און אָפּגענעם מויל און זיך פאַרשעמט. זי האָט אָנגעהויבן צו שמייכלען, נישט ווייסנדיק פאַרוואָס.

ישכר האָט זי געקענט בלויז פון זען אין קוילנגרוב, וווּ זי האָט געאַרבעט אַלס העקערין. נישט קיין סך פרויען האָבן געאַרבעט אונטן. האָבן זיי זיך דעריבער גוט פאַרגעדענקט. ער פלעגט זי אָבער שטענדיק זען אַן אייַנגעשמירטע, אַ פאַרשטויבטע.

נאָך אַ שטילשווייגן פון עטלעכע רגעס, איז ער צוגעגאַנגען צו איר און געזאָגט:

— איר זינגט זייער שיין.

— איך זינג אין כאָר — האָט זי שטאָלץ געענטפערט.

ער האָט געוואָלט נעמען איר לעדערנעם פּאַרטפעל, וועלכער האָט אויסגעזען צו זיין גענוג שווער — חוצן עסן און אַ באַנקע אויף קאַווע זענען אין אים געווען אויך ביכער. זי האָט אָבער אָפּגעזאָגט.

— ווי זעט עס אויס? איך, אַ מאַנספּערשוין, מיט לייזיקע הענט — ער האָט זיין עסן געטראָגן אין קעשענע פון דער מאַרינאַרקע — זאָל דער־לויבן אַ מיידל טראָגן אַזאַ שווער פּעקל?

— וואָס איז? כ׳זע דען אויס צו זיין אַ שוואַך באַשעפעניש? — האָט זי מיט אַ פריינדלעכן שמייכל געענטפערט.

זיי זענען געגאַנגען פאַמעלעך, שווייגנדיק. באַלד האָט זיך אָנגעהויבן קלעפּן אַ שמועס וועגן דער אַרבעט אין גרובן. ישכר הערט אירע רייד און קאָן זיך נישט אָפּחידושן: צי וואָלט ער מיט יאָרן צוריק געקאָנט גאָר זיך פאַרשטעלן, אַז אַזאַ יונג מיידל מיט בלויע אויגן קאָן זיך אין קוי־לנגרובן פאַרגלייכן מיט יעדן בעסטן קוילנהעקער? און דאָ איז עס אַזוי געווײנלעך.

אין גרובן־מאַגאַזין האָט ער זיך אַליין צוגעקליבן אַ קילאָף און אַ לאָמפּ. אויף דער פראַגע פון מאַגאַזינער, צי ער וועט היינט אַרבעטן לענגער, האָט ער געענטפערט, אַז מע קאָן נישט וויסן, ווי ס׳וועט אויסקומען.

דער מאַגאַזין האָט אָנגעהויבן אָנפילן זיך מיט מענטשן. עס זענען געקומען מאַנטערן נאָך אינסטרומענטן, נאָך וואַסערלייטונג־רערן, סטאָ־ליאַרעס נאָך נעגל, קלאַמערן, דער בעדער — נאָך זייף. ישכר איז צוגע־גאַנגען צום געהילף־מאַגאַזינער, כדי איינצושרייבן אויף זיין נאָמען דעם נייעם קילאָף. פון דער זייט האָט אים עמעץ אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איילסטו זיך אַזוי, טורקאָ?

דאָס איז געווען פּיזול וויינער, אַ ייד פון אַ יאָר פינף און דרייסיק מיט אַ קיילעכדיק בראָנז פּנים און אַ הויכן שטערן. גערעדט האָט ער אַ זאַפּ־טיקן ווילנער יידיש. ווען טורקאָ איז אָנגעקומען אַהער, האָט שוין ווײ־נער געאַרבעט אין קוילנגרובן. ער האָט אים דער ערשטער אָפּגעשטעקט אַ ברייטן שלום־עליכם און געגעבן צו פאַרשטיין, אַז קיין בעסערע אַר־בעט ווי דאָ, איז גאָרנישט בנימצא. מען אינדערהייך זיין ווי היים, איז אונטן מחיהדיק קיל. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער, פּיזול וויינער איז אַ קאָ־מוניסט נאָך פון דער היים, אַ סך יאָרן געזעסן אין לוקישקער תפיסה. איצט זעט ער מיט די אייגענע אויגן, אַז ס׳איז כדאַי געווען אָפּצוגעבן די גאַנצע יוגנט פאַר דעם קאַמף אין די רייען פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. „מיר וועלן נאָך דערלעבן אין פּוילן אַזאַ אָרדענונג”.

רובינפעלד, וועלכער האָט געאַרבעט אין אַ צווייטן קוילנגרוב, האָט זיך איינמאָל אָנגערופן צו וויינערן:

— גיי שוין, גיי! וואָס איז פּוילן אין פאַרגלייך מיט דאָ? אַן אָפּגע־שטאַנען לאַנד און גאָר.

— פאַרשטייט זיך, עס מאַכט זיך נישט איינס און צוויי — האָט ווייַנער מודה געווען — ביי אונדז וועט מען דאַרפן אַ סך קעמפן, אַ סך אַר־בעטן; כדי פּטור צו ווערן פון די ליידאַקעס. און דו אַליין זעסט דען נישט, אַז ס'לויגט זיך, אַז אין פּוילן זאָל זיין אַזוי ווי דאָ?!

טורקאָ פּלעגט זיך צוהערן צו די דאָזיקע רייד און פאַר זיין זכרון זענען אויפגעקומען די יונגע קאָמוניסטן פונעם ספּאָרט־קלוב אין לאָדזש, צי וועלכן ער האָט אַמאָל געהערט. ער פלעגט שוין דעמלט קוקן מיט קנאה אויף זייער פּוזדותדיקער פאַרנומענקייט. איצט ווייסט ער אַליין, ווי גוט ס'איז צו האָבן אַ גרויסן ציל, לעבן נישט סתם אַזוי, ווי גראָז וואַקסט, נאָר ווי די מענטשן מיט דער גרויסער אידעע, פאַר וועלכן זיי זענען גרייט זיך מקריב צו זיין.

פייוול ווייַנער איז אים באַזונדערס נאָענט געוואָרן. ער פלעגט זיך כסדר אינטערעסירן ווי עס גייט אים, ישכרן, מיט וויפל האָט ער איבער־געשטיגן די נאָרמע. אין ווייַנערס שוואַרצע אויגן פלעגן די פלעמלעך זיך צעברענען, ווי ער וואָלט מיטן אייגענעם נצחון זיך געפרייט.

— אָט דאָס פאַרשטיי איך — האָט ווייַנער שנעל גערעדט — דאָס הייסט געאַרבעט!

טורקאָ האָט אים איצט דערציילט וועגן זיינע דרייצן שטעמפּלען, דאָן וועגן אַנדערע מאַכן צוואַנציק. פאַרוואָס־זשע גייט עס ביי אים אַזוי שלי־מזלדיק?

ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס אייגנטלעך שיינט אַזוי ביי ווייַנערן דאָס פּנים, גלייך ווי זיין, ישכר'ס זאָרג וואָלט אים פרייד פאַר־שאַפט.

— איי ישכרקע, ישכרקע — האָט אים ווייַנער אַן אַנטציקטער גע־ענטפערט — ס'איז דאָך אַ נחת צו הערן, ווי דו רעדסט. הער מיר, וואָס איך זאָג דיר: דו וועסט היינט איבערשטייגן די נאָרמע! ווי זשע דען? ביסט דאָך אַן אמתער סטאַכאַנאָוויעץ.

אין פייוול ווייַנערס קול איז געווען אַזוי פיל ברידערלעכע ליבשאַפט, אַז ישכרן איז ווידער לייכט געוואָרן אויפן האַרצן.

יענעם טאָג, נאָכן פאַרענדיקן די ערשטע שיכט, איז אינעם קוילנגרע־בער־קלוב געווען באַזונדערס רוישיק. אַרבעטער האָבן געשטראָמט דורך ביידע אַריינגענג. אַלע האָבן געוווּסט צו וואָס עס איז היינט גערופן געוואָרן די פאַרזאַמלונג. טורקאַ האָט איבערגעיאָגט באַטאַיעסן ביים איבער־בוי, דעמזעלבן באַטאַיעסן, וואָס האָט נעכטן געמאַכט איבער צוואַנציק שטעמפּלען. ראַזשמאַנאָוו האָט אַ צעשטראַלטער אָפּגעוואָרט טורקאַן ביי דער ווינדע און אים געהייסן גלייך גיין אין קלוב אויף דער פאַרזאַמלונג.

— אַ קוילנגרעבער מיט די ביינער! — האָט אים ראַזשמאַנאָוו זיין גרעסטן קאָמפּלימענט געמאַכט.

דער עולם אין קלוב האָט אין רעדלעך זיך געזאַמלט, געשמועסט וועגן דער געשעעניש פונעם טאָג. צו יעדן איינעם פון ישכר טורקאָס בריגאַדע זענען צוגעשטאַנען עטלעכע קוילנגרעבער. אין דער גרופּע לעבן קים'ן איז געשטאַנען דאָס מיידל, מיט וועלכער ישכר האָט היינט אינדערפרי זיך באַקענט. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט זי מיט צוגעזשמורעטע אויגן אויף אים אַ קורצן בליק געכאַפּט. ס'האָט זיך אים געדאַכט, ווי זי וואָלט געזאָגט: „כ'האַלט עס לגמרי נישט פאַר אַזאַ גרויסן אויפטו, אַ פּרוּוו קאָן אויך אַזעלכעס באַווייזן". זי האָט אָבער באַלד אָוועקגענומען דעם בליק און זיך ערנסט צוגעהערט צו דעם, וואָס קים דערציילט.

טורקאָן האָט מען פאַרבעטן אין פּרעזידיום. דער פאָרזיצער פון קוילנ־גרוב־קאָמיטעט האָט געעפנט די פאַרזאַמלונג און געגעבן דאָס וואָרט ראַזשמאַנאָוון.

— חברים, קוילנגרעבער! — האָט ראַזשמאַנאָוו אָנגעהויבן און שוין פון די ערשטע ווערטער זיינע האָט געשלאָגן אַזאַ פייערלעכקייט, אַז עס האָט זיך געקאָנט דאַכטן, ער קלייבט זיך כ'ווייס ווי לאַנג צו רעדן. די פּנימער פון די פאַרזאַמלטע זענען געוואָרן ערנסטע, קאָנצענטרירטע. ראַזשמאַנאָוו האָט אָבער גערעדט זייער קורץ. ער האָט קודם־כל דערציילט דאָס, וואָס האָט אויסגעזען צו זיין באַקאַנט שוין פאַר יעדן איינעם, און דאָך האָט עס אַזוי ניי געקלונגען: צום ערשטן מאָל האָט היינט ישכר טורקאַ אויפגעשטעלט דרייסיק שטעמפּל־בעלקעס. ביז איצט האָט באַטאַ־יעס געשלאָגן דעם רעקאָרד, אויפשטעלנדיק דריי־און־צוואַנציק.

איבערן זאַל איז דורך אַ לייכטער, אויפגערודערטער פּליסטער, וועל־כער איז באַלד אָפּגעהאַקט געוואָרן. ראַזשמאַנאָוו האָט פאָרגעשטעלט טורקאָן, פון וואַנען ער קומט, ווי אים איז אין אָנהייב שווער געווען זיך צוצוגעוווינען צו דער אַרבעט אין גרובן.

די געדאַנקען אין ישכרס קאָפּ האָבן זיך גענומען פּלאָנטערן און זענען איבערגעגאַנגען אין אַ מין חלום, אין וועלכן ראַזשמאַנאָוו פּעטמעד באַריטאַן און זיינע ווייך אַרויסגערעדטע רוסישע ווערטער האָבן אָפּגעקלונגען, ווי פון גאָר ווייט און ווי נישט וועגן אים. ער האָט זיך אַרומגעקוקט... אין די פאָדערשטע רייען זענען געזעסן די מיטגלידער פון זיין בריגאַדע. אַנדריי טיטאָוו האָט געהאַלטן דעם קאָפּ פּאַרוואָרפן, די הענט פאַרלייגט און זיך צוגעהערט מיט אַן אָפן מויל. סאַדאָווסקי, אַ ברוינער מיט אַ צעשויבערטע טשופּרינע, איז געזעסן אָנגעשפּאַרט אויפן אָנלען פון שטול און געמאַכט מיטן מויל, ווי ער וואָלט דעם רעדנערס ווערטער נאָכגעזאָגט. אויף קימס פּנים איז געווען אַזאַ באַגייסטערונג, אַז טורקאָן האָט זיך שטאַרק פאַרוואָלט אים אַרומנעמען. אַביסל ווייטער איז געזעסן פייוול ווינער. ער האָט געהאַט אַ פּאָר גיריקע אויגן און רויטלעך-ברוינע פלעקן אויף ביידע באַקן — אַ היץ אַזאַ האָט געשלאָגן פון זיין באַגייסטערט פּנים. ער האָט אויף ראַזשמאַנאָוון געקוקט אַזוי, ווי ער וואָלט אים ווען אַנטשטרויגן אַט די אַלע אַזוי געגאַרטע ווערטער, וואָס פילן אָן מיט שמאַלץ דאָס האַרץ פונעם אַמאָליקן פּאַליטישן אַרעסטאַנט.

ווען ראַזשמאַנאָוו האָט געענדיקט רעדן, האָט ער ישכרן דערלאַנגט די האַנט און אים עפּעס שטיל איינגערוימט אין אויער. ישכר האָט אָבער גאָרנישט געהערט. דער זאַל האָט זיך צערוישט מיט הילכיקע בראַוואָ-פּאַטשעריין. טורקאָ איז צום ערשטן מאָל אין לעבן באַהערשט געוואָרן פונעם געפיל, אַז אַט די אַלע שטאַרקע און ערלעכע מענטשן האַלטן אים, דעם באַלוטער ידישן טאַפּעצירער-יינגל, פאַר אַ וויכטיקן מענטש און פרייען זיך מיט אים, מיט זיין אַרבעט.

ס'האָט נאָך גערעדט באַטאַיעס, איינער פון די בעסטע אין קוילנגרובן. ביי אים זענען די ווערטער נישט געווען אַזוי פליסיק, ווי ביי ראַזשמאַנאָוון. אויף זיין קנאַכיק פּנים איז איצט געווען אַ גוטער וואַרעמער שמייכל.

— אַזאַ כוואַט, דער דאַזיקער בחור פון פוילן. ער האָט אַפילו פאַרן פּיזול נישט קיין מורא. ערשט נישט לאַנג געקומען, און שוין דעריאָגט מיך, אַן אַלטן קוילנגרעבער. איך האָב דרך-ארץ פאַר אַזעלכן. פאַרמעסטן זיך מיט אַזאַ כוואַט — אָט דאָס פאַרשטיי איך! כ'וועל זיך מטריחן אים צו דעריאָגן און איבעריאָגן...

ישכר טורקאָ געדענקט נישט, וואָס ער האָט דעמלט געזאָגט אויף דער פאַרזאַמלונג. ער געדענקט בלויז, אַז אין אָנהייב, קוקנדיק אויף דעם דאַזיקן הויכן מאָרדווינער מיט די לאַנגע, מוסקולירטע הענט, האָט אים

א מינוט באַהערשט אַ צווייפל. ווי וועט ער אימשטאַנד זיין צו פאַרמעכטן
יך מיט דעם־אַ פעסטן מענטש? ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זאַל. דורך
די אָפענע פענצטער האָט אַריינגעשיינט די נאָכמיטאָג־זון. ס׳איז געווען
הייס. די מענטשן האָבן זיך געווישט דעם שווייס פון שטערן. אַלע זענען
געווען שטיל און באַגאָסן מיט ליכטיקייט, וואָס האָט געוואַרעמט און גע־
גליט. אַ בלענדיקער שטראָם האָט אים דורכגענומען, ישכרן. ער האָט דער־
פילט אין זיך אַזויפיל כוח, ווי נאָך קיינמאָל נישט ביז איצט, אַ זיכער־
קייט, אַז ער קאָן און דאַרף זיך פאַרמעסטן, אַז דאָ קאָן יעדער מענטש
וונדער באַווייזן...

וועגן דעם מסתמא האָט ער אויף דער פאַרזאַמלונג גערעדט.

# VIII

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, און מ׳האָט אָנגעהויבן שמועסן
פון צוריק אומקערן זיך קיין פוילן — אינעם באַפרייטן פוילן, זענען גע־
ווען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אָפגעשאָקלט. דוד רובינפעלד, וועלכער
איז שוין אָנגעגאַנגען פאַר אַ גוטן קוילנגרעבער, האָט געטענהט:

— קוים די ביינער אויסגעגלייכט. מע לעבט ווי מענטשן. ווו וועל
איך זיך ווידער שלעפן? איך בלייב אין ראַטנפאַרבאַנד.

זיין ווייב, פעלע, אַ נייערין אינעם שניידער־אַרטעל, מיט וועלכער
דוד האָט ערשט מיט אַ יאָר צוריק חתונה געהאַט, האָט אים אונטערגע־
האַלטן:

— כ׳וויל שוין מער נישט זיין נע־ונד. דאָ האָב איך אַ היים.

ישכר האָט דעמלט אַ סך געטראַכט. ס׳איז שווער אָוועקצופאָרן פונ־
אַנען. איינגעלעבט זיך מיט די היגע מענטשן, ווי מיט ברידער. ס׳קומען אָן
פרישע מענטשן, פון דער אַרמיי, פון פאַבריקן, וווהין מ׳האָט זיי געהאַט
מאָביליזירט. ס׳לעבן ווערט אינטערעסאַנטער. איטקע האָט זיך דאָ צע־
בליט ווי אַ יונגע רויז. ס׳ייִנגעלע וואַקסט, אַז ס׳איז אַ נחת צו קוקן. פון
דער אַנדערער זייט נאָגט עס אַן אויפהער ביים האַרץ: אפשר לעבן זיי
דאָרט, עמיצע כאָטש...

— ווען ס׳איז נישט אַזוי ווייט — האָט טורקאָ געזאָגט צו רובינפעלדן
— גיט מען זיך אַ פאָר דורך, מע כאַפּט אַ בליק און מע קומט צוריק.

אין די אָוונטן פלעגט מען זיך טרעפן אויפן פּלאַץ פאַרן קולטור־הויז.
פון די אָפענע פענצטער האָבן זיך געטראָגן פרייִלעכע סאָוויעטישע מע־

לאדיעס, און דאָ, אַנדרויסן, אויף די לאַנגע נידעריקע בענק זענען געזעסן פּוילישע יידן, געקוקט ווי ס'קומט אָן די נאַכט און געטראַכט וועגן איבערגעלאָזענע טאַטע־מאַמע. וואָס טונקעלער ס'איז געוואָרן, אַלץ מער האָט זיך אין די שטימען געהערט דער וויטיק פון בענקשאַפט.

— מע זאָגט, אַ ליאַדע טאָג וועט מען צושטעלן וואַגאָנען — האָט זיך אַנגערופן גרינצוויג, וואָס האָט געאַרבעט ביי דער באַן און נישט אויפגעהערט צו רעדן וועגן ריישע, וו ער האָט אין יאָר 1939 איבערגעלאָזט אַ ווייב מיט אַ קינד, וואָס דאַרף שוין איצט אַלט זיין אַכט יאָר.

— ווער ס'וועט וועלן, וועט קאָנען פאָרן — האָט אַריינגעוואָרפן לאַסמאַן.

אַלע האָבן געוווּסט, אַז ער געהערט צו די, וואָס וואַקלען זיך: יאָ פאָרן, נישט פאָרן...

מ'האָט געשמועסט וועגן דעם, ווי לאַנג מע וועט דאַרפן פאָרן אין אַזאַ וויטן וועג, וואָס מע וועט דאַרפן מיטנעמען, און אַז מענטשן נעמען מיט קי, ציגן, גאַנצע באַלעבאַטישקייטן. טייל האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט די פּוילישע צייטונג, וואָס דער פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן גיט אַרויס אין מאָסקווע. די צייטונג שרייבט וועגן דעם נייעם לעבן אין פּוילן. מיט דער צייט וועלן צוריק אויפגעבויט ווערן די חרובע שטעט, די פאַבריקן.

ווידער האָט גרינצוויג אָנגעהויבן דערציילן וועגן ריישע, און לאַסמאַן וועגן זאַמאָשטש. פון אַלעם, וואָס זיי האָבן גערעדט, איז געגאַנגען אַ לאַנג־פאַרשטיקטע בענקעניש נאָך ווייב און קינד, נאָך לייבלעך־נאָענטע מענטשן, וועגן וועלכע מ'האָט נישט אויפגעהערט צו טראַכטן, אַז זיי לעבן.

הינטער ישׂכרן איז געשטאַנען פּייוול ווײַנער און עמעצן דערציילט וועגן דעם נייעם בריגאַדיר זייערן, אַ דעמאָביליזירטן מיט אַ סך מעדאַלן. ישׂכר האָט זיך געוווּנדערט. אָט דער ווײַנער איז דעלעגאַט פון פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן, אָבער פון דער אַרבעט אין קוילנגרובן פאַרגעסט ער נישט קיין מינוט. כאָטש... ער אַליין, ישׂכר, איז אויך אַזאַ. ער ווייסט, אַז פאָרן וועט ער, גלייך ווי אַלע. אָבער ווען ער איז אונטן, ביי דער אַרבעט, פאַרגעסט ער אין דעם אַלעמען, אים גלייבט זיך דעמלט נישט, אַז ער האַלט ביים איבערלאָזן דעם קוילנגרובן, די מענטשן, צו וועלכע ער האָט זיך שוין אַזוי צוגעבונדן. דער גאַנצער רעש מיטן פאָרן ווערט דעמלט אַזאַ וויטע זאַך.

פונעם קולטור־הויז זענען אַרויסגעקומען צוויי מענטשן און זיך דערנענטערט צו דער באַנק, אויף וועלכער ס'איז געזעסן מורקאַ. שוין אינעם גאַנג האָבן אַלע דערקענט, אַז דאָס איז אַנדריי טיטאָוו מיט זיין ווייב

נאטאשען. דער עולם האט זיך צונויפגערוקט, געמאכט אן ארט. די פא־פירהאקפייערלעך האבן זיך געלאשן און אנגעצונדן.

— איר רעכנט מאקע צו פארן? — האט נאטאשע שטיל זיך אנגע־רופן. — ס'וועט זיך בענקען נאך אייך.

— מענטשן האבן דערלעבט, מ'האט באפרייט זייער היימלאנד — האט ענערגיש זיך אפגערופן אנדריי — פארן זיי. נישטא וואס זיך צו וווּנדערן. וואס אמת איז אמת — בענקען וועט זיך נאך אייך. אט, אזא מורקא — א גאלדענער יאט. כ'רעכן, אז איר וועט אונדז צום שלעכטן נישט דערמאנען. איר וועט דארט צוגוך קומען. מע דערציילט, אז דארט איז א גרויסער חורבן... די היטלעריסטן האבן ביים אפטרעטן אנגעטאן גרויסע שאדנס, דערטרונקען די קוילנגרובנס.

ווידער האט זיך אויפגעהויבן א טומל.

— אין דאנבאס, מיינט איר — האט זיך עמעץ אפגערופן — האבן זיי נישט דערטרונקען די קוילנגרובנס? איז וואס? ארבעט מען נישט היינט אויף דער גאנצער פארע? נישקשה, די ראטנמאכט וועט באזארגן פולן מיט אזעלכע מאשינען. כ'מיין, דארט פאמפעוועט מען שוין אוודאי. זיי לאנג דארף עס געדויערן אויסצופאמפעווען? א חודש, צוויי...

ישכר האט א טראכט געטאן: אט רייסן זיך אזוי די אלע מענטשן צום פארן. ווען זיי וועלן קומען אהין, וועלן זיי ווידער אנהייבן בענקען נאך קאראגאנדא, נאך די הארציקע רוסישע מענטשן.

ס'האט אים ארומגענומען א נאגנדיקער אומרו. ס'איז שווער געווען איינצושלאפן. ער איז אויפגעשטאנען און זיך שטיל אוועקגעשארט. ס'האט זיך געוועקט אין אים א שטארקער פארלאנג אוועקצוגיין אין קוילנגרוב אין זיך אוועקשטעלן ארבעטן איבער דער גאנצער נאכט־שיכט.

אין זכרון איז אים פלוצלונג אויפגעקומען דאס בילד, ווי באטאיעוו האט אים, בעת אויסצייכענען נאכן צווייטן פארמעסט, ארומגענומען און געזאגט: „כ'האב מאקע פארשפילט, און דאך האב איך דיך ליב. ביסט א יאט מיט א נשמה. אזוי ארבעטן דארף מען האבן א הארץ, וואס האט ליב די ארבעט, האט ליב אונדז...“

אויפן הויף, ווו מורקא האט געוווינט, האבן דורך די פארמאכטע לאדנס זיך געזיפט שיטערע באפן שיין. ער איז געבליבן שטיין אויפן גאנעק פארן אריינגאנג אין שטוב. דער לויטערער הימל איז געווען פאר־זייט מיט שטערן. אין דער נאכטיקער לופט האבן זיך געטראגן אומרו־איקע קלאנגען. עפעס האט געקלאפט, זיך גערודערט. ס'האט זיך גע־הערט א הייסער פליסטער, וואס האט דערמאנט אין דעם ווייטן רויש פון די עלעקטרישע מאטארן. ס'האט געבלאזן א קיל ווינטל. ישכר האט

א קלער געטאָן, אַז ווען איטקע זאָל בלויז זאָגן איין וואָרט — בלייבט ער דאָ.

— ווער איז דאָ? — האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ געדעמפּט קול.

— איך... ווער רעדט?

— איך, רובינפעלד. פעלע שלאָפט שוין. און מיך נעמט נישט קיין שלאָף.

— וווּ־זשע ביסטו עס דאָ?

— כ'זיץ אויפן האָלץ.

— קאָנסט דאָך צוגיין צום קולטור־הויז.

— געווען. אָנגעהערט זיך אַ פולן קאָפּ מיט פאָרן, פאָרן...

און ביידע זענען אַנטשוויגן געוואָרן.

# IX

זומער 1946.

ס'איז געווען נאָך האַלבן טאָג. אַלע זענען שוין געווען פאַרלאָדע־וועט. ס'האָט געוואַרט, דער צוג זאָל זיך נעמען רירן. יינגערע און על־טערע פרויען האָבן פריי געלאָזן רינען די טרערן. די מענער זענען געשטאַ־נען אין די אָפענע טירן מיט בלייכע פּנימער. זיי האָבן אפילו לייכט גע־שמייכלט, אָבער אינעם צוקן פון די פּנימער האָט מען דערקענט דעם נאָ־גנדיקן ווייטיק פון געזעגענען. די מענטשן, וואָס זענען געבליבן אויפן וואָקזאַל, האָבן נישט אויפגעהערט צו פאָכען מיט די הענט, מיט ווייסע און קאָלירטע טיכלעך. ס'זענען דאָ געווען רוסן, קאַזאַכן פון די פאַר־שידענע קוילנגרובנס, פון די פאַבריקן און סתם שכנים. די קאַזאַכישע ווייבער און מיידלעך האָבן געהאַט פייכטע אויגן. ס'זענען דאָ געווען אַנדריי טיטאָוו מיט נאַטאַשען און זייער פינפאונצוואַנציקיאָריקע טאָכ־טער, אַ בוי־אינזשיניערין. קים איז געקומען אַן אויסגעפּוצטער אין דער ווייסער מאַרינאַרקע. ער האָט לאַנג געהאַלטן טורקאַס האַנט אין זיי־נער. שוין דעם ווײַפלטן מאָל ווי ער חזרט איבער:

— אַ שאָד... ס'האָט זיך גוט געאַרבעט צוזאַמען, אמת?

ביי טורקאָן האָבן די ליפּן אַ ציטער געטאָן:

— ס'איז געווען גוט. כ'וועל עס נישט פאַרגעסן.

אין דער לעצטער מינוט איז אָנגעקומען ראָזשמאַנאָוו. ער האָט זיך צוגעשטופּט צו ישכרן. זיי האָבן זיך פעסט אַרומגענומען.

— נו, מיר געזעגענען זיך איצט, ברודער, האַלט זיך אין די הענט דו קאָנסט ברענגען גרויס נוצן דיין היימלאַנד.

— איך וועל... — ישכר האָט זיך פאַרכליניעט און נישט געקאָנט ווייטער אַ וואָרט זאָגן. אין אים האָט געקאָכט אַ וועלט מיט פאַרלאַנגען, ווערטער, געפילן.

ווען דער צוג איז שוין געלאָפן, איז נאָך ישכר אַלץ געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, אַ בלייכער מיט ציטערנדיקע ליפּן. ער האָט געפילט אויפן שטערן דעם קוש, וואָס ראָזשמאַנאָוו האָט אים געגעבן, און ס׳האָט אים וויי געטאָן, פאַרוואָס ער האָט אים אין דער דאָזיקער לעצטער מינוט נישט געזאָגט אַלץ, וואָס ער טראַכט.

דער צוג איז געלאָפן. ס׳איז פאַרשוווּנדן פון אויג די שטאָט, די קוימענס פון די קוילנגרובנס, די האַלדעס. עמעץ האָט זיך אָנגערופן:

— אוי וועט מען בענקען נאָך דעם אַלעמען...

די מענטשן אין וואַגאָן האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען איינאָרדענען, מיט די טורקאַס זענען אין וואַגאָן געווען נאָך קוילנגרעבער מיט זייערע משפּחות. מ׳האָט זיך איינער דעם אַנדערן געהאָלפן. בלויז ליפּשיץ, אַ מיטליאָריקער, בייכיקער פאַרשוין, מיט זיין פרוי זענען געזעסן אָפּגעזונדערט אין אַ ווינקל, פאַרהאַנגען מיט טונקעלע קאָלדרעס. ביידע האָבן געהאַט נידעריקע שטערנס און קיילעכיקע פּנימער. דאָס האָט זיי געמאַכט אויסזען זייער ענלעך צו זיך, ווי אַ ברודער מיט אַ שוועסטער. פון זייער ווינקל האָט זיך כסדר געהערט אַ רויש פון קנאַקנדיק פּאַפּיר. ווען מ׳האָט נאָר געקוקט אויף זיי, זענען זיי געווען פאַרנומען מיט עסן.

ס׳זענען געווען טעג, ווען דער צוג איז געלאָפן הונדערטער קילאָמעטער מיט קליינע אָפּשטעלן. די מענטשן זענען געזעסן אין דער אָפענער טיר, די ערד איז ווי אַוועקגעפלאָסן פון אונטער די פיס. אַ שטאַרקער, מיטריייסנדיקער ווינט האָט געיאָגט איבערן פּנים, געיאָגט די געדאַנקען: ווי זעט עס איצט אויס אין פוילן? ווער וועט זיי אויפנעמען אין דער היים? פון וואָס וועט מען אָנהייבן דערציילן איינער דעם אַנדערן?

ס׳זענען פאַרבייגעלאָפן פעלדער. ס׳האָבן געשווינדלט די שיטערע שאָטנס פון די טעלעגראַפן־סלופּעס. דער ווינט האָט געריסן דעם רויך און צעוואָרפן אים אין דער זוניקער לופט.

טורקאַ האָט זיך דערמאָנט: ווען ער איז מיט פינף יאָר צוריק געפאָרן אַהער, זענען די פעלדער פול געווען מיט פרויען. זיי האָבן געזייעט, גע־

אַקערט, געפֿאָרן אויף טראַקטאָרן, געדראָשן. איצט האָט מען שוין געזען אַ סך מענער. זיי האָבן נאָך געטראָגן די לויז-אַראָפּהענגענדיקע מיליטערישע בלוזעס.

ערגעץ אויף אַ וואָקזאַל, וווּ דער צוג האָט זיך געשטעלט, האָט געשפּילט אַ האַרמאָשקע. אַ יונגער זעלנער, אַרומגערינגלט פֿון אַ גרופּע יינגלעך און מיידלעך האָט געטאַנצט אַ קאָזאַק. דאָס יונגוואַרג פֿון עשאַלאָן האָט אונטערגעכאַפּט די מעלאָדיע און זייער געזאַנג האָט זיך צעפֿלאָסן איבערן גאַנצן וואָקזאַל. פֿון אַלע זייטן זענען צו זיי דערגאַנגען וואַרעמע אויסרופֿן. אין וואַגאָן איז געוואָרן פֿריילעכער. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן לעבעדיקע שמועסן וועגן רוסישע מענטשן און פֿאָלקס-לידער.

וואָס ווייטער זיי זענען געפֿאָרן, אַלץ שטאַרקער האָט טורקאָ דערפֿילט דאָס הייסע לעבן פֿון דעם סאָוועטיקן לאַנד. ווייטע, ברייטע פֿעלדער, אייזערנע סלופּעס מיט הויכער עלעקטרישער שפּאַנונג. שיפֿע דעכער פֿון דאָרפֿישע כאַטעס און רויט-ציגלנע מויערן פֿון קאָלווירטישע בנינים. אַ פֿיל-פֿענצטערדיקער שול-בנין אינמיטן דאָרף. לאַנגע בריקן פֿאַרוואָרפֿן איבער טייכן. שאַסייען. הויכע רויכערנדיקע פֿאַבריק-קוימענס. סטאַנציעס מיט צענדליקער צוגן. טראַנספּאָרטן מיט מאַשינען, קוילן, תּבֿואה, פֿעסער צעמענט.

— מ'האָט זיך וואָס צו דערציילן, טאָ וואָלט!... — האָט גרינצווייג גערעדט מער צו זיך, ווי צו טורקאָן, וואָס איז געזעסן נעבן אים אַ פֿאַרטראַכטער. ער האָט זיך מיטאַמאָל אויסגעדרייט צו אים:

— קוילן, אומעטום קוילן... גיב אַ טראַכט, וואָס פֿאַר אַ כּוח דאָס האָט... קוילן...

דער לאַמפּ, וואָס מ'האָט אָנגעצונדן אין די אָוונטן, פֿלעגט זיך נישט קאָנען קיין עצה געבן מיט דער טונקלקייט אין די ווייטערע ווינקלען פֿון וואַגאָן. די מענטשן האָבן זיך שוין גענומען גרייטן צום שלאָפֿן. אויך די ליטוויצעס האָבן שוין געענדיקט ס'עסן. בלויז דאָס יונגוואַרג פֿלעגט נאָך זיצן לאַנג אין דער נאַכט אַריין און שמועסן וועגן די, וואָס זענען געבליבן. דורך דער שמאָלער עפֿענונג אין דער טיר האָט די זומערדיקע נאַכט אַריינגעשמעקט מיט ריחות פֿון פֿעלד און לאָנקע.

ישׂכר טורקאָ האָט ליב געהאַט צו זיצן ביי דער עפֿענונג און מיט איין אויער זיך צוהערן צו די שמועסן פֿון די יינגלעך.

דער דרייצניאָריקער קאַפּעלאָוויטש האָט געזאָגט, אַז פּוילן איז אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד און מע וועט זיך קאָנען לערנען, שטודירן, פּונקט ווי אין ראַטנפֿאַרבאַנד.

וואָס מער מ'האָט זיך דערנענטערט צו דער גרענעץ, אַלץ שטאַרקער האָט זיך אין וואַגאָן געפילט די אויפרודערונג. מ'האָט געעפנט די פירן פון ביידע זייטן. די מענטשן האָבן זיך געשטופּט, וועלכע זייט ס'פאַר־מאָגט אַ שענערע לאַנדשאַפט. מ'האָט געשמועסט וועגן די נייע פּוילישע גרענעצן, וועגן די מערב־געביטן. פונעם ווינקל ביי די ליפּשיצעס האָט מען געהערט מאָדנע געררוישן פון איבערגעלייגטע קישנס און געעפנטע וואַ־ליזעס. גרינצווייג האָט נעבן זיין געלעגער געפונען אַ האַלב ברייטל, שטאַרק פאַרדאַרט פון אַלטקייט, אַ שווערס, מיט מאָדנע קנייטשן. ער האָט עס גענומען אין האַנט און זיך צונויפגעטראָפן מיט דעם פאַרפאַלקס קעציש־בעטנדיקע בליקן. ער האָט עס שנעל פון זיך אַוועקגעשאַרט.

די קאָנטראָל אויף דער גרענעץ, וואָס האָט אַזוי געשראָקן די ליפּ־שיצעס, איז געווען זייער אַ מילדע. צוויי סאָוויעטישע מערזשאַנטן זענען אַרויפגעקומען און העפלעך געבעטן די פּאַפּירן. אין אַ שעה אַרום איז דער צוג שוין געווען אויף דער פּוילישער ערד.

אַ פריידיק גערודער האָט אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן וואַגאָן. עמעץ האָט אויסגעשריגן: „פּוילישע זעלנער!". אין דער אָפענער טיר זענען ווירקלעך אַריינגעשפּרונגען צוויי יונגע, בלויאויגיקע זעלנער אין גרינע מונדירן און פירקאַנטיקע היטלען, מיט אויטאָמאַטן פאַרוואָרפן איבער די פּלייצעס. זיי האָבן סאַלוטירט און געשמייכלט. קליינוואַרג האָט זיי באַ־טאַפּט די מונדירן, די קנעפּ. אַלע האָבן גערעדט, געפרעגט, און זיי האָבן נישט געוווּסט וועמען פריער צו ענטפערן. איינער האָט אַרויסגענומען אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, אַלעמען מכבד געווען און אַליין געמוזט נעמען די רוסישע, וואָס מ'האָט זיי געשטופּט פון אַלע זייטן.

שפּעטער זענען געקומען פאַרשטייער פון רעפּאַטריאַציע־אַמט, דער סעקרעטאַר פון דער שטאָטישער אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער אַר־בעטער־פּאַרטיי. די מענטשן פון וואַגאָן האָבן זיך ביי זיי נאָכגעפרעגט וועגן אַרבעט, וועגן פאַרדינסטן.

— און ווי זעט עס אויס אין די קוילנגרובן? זיי אַרבעטן שוין?

דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָט מיט אינטערעס אַ קוק געטאָן אויף טורקאָן.

—איר זייט אַ קוילנגרעבער?

— מיר זענען דאָ, אין דעם עשאַלאָן, עטלעכע צענדליק קוילנגרעבער — האָט טורקאָ פאַר אַלעמען געענטפערט. — פאַראַן אַזעלכע, וואָס וועלן דאָס פאַך נישט פאַרטוישן אויף קיין שום אַנדערס.

דער סעקרעטאַר האָט הייטיש אָנגעהויבן צו רעדן וועגן די נייע באַ־דינגונגען, וואָס וועלן אין פּוילן געשאַפן פאַר די אַרבעטער, וועגן דער

גייער אָרדענונג. די מענטשן האָבן זיך ענגער צונויפגעדריקט אַרום אים און זשעדנע צוגעהערט צו זיינע רייד וועגן דער חשיבות פון מענטשלעכער אַרבעט. ישכר האָט זיך דערמאָנט ראַזשמאַנאָווס ווערטער: „דו וועסט ברענגען אַ סך נוצן דיין היימלאַנד".

ביי לובלין האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט הינטער דער שטאָט. ס'איז געווען אַ זומערדיקער פאַרמיטאָג. טיף אויף דער לאַנקע זענען אַרומגעגאַנגען קי, געשמעקט צו די גראָזן, געציפּט און געקייט. ווי פון אונטער דער ערד זענען ביים צוג אויסגעוואַקסן עטלעכע יידישע יינגעלייט. אייגער אין ברילן, וואָס האָבן פאַרנומען אַ האַלב פּנים, אין אַ בלוי העמדל מיט אַן איבערגעוואָרפענעם קאַלנער, איז צוגעקומען צו טורקאָן, פאַרשעריש אים אַריינגעקוקט אין פּנים און שנעל אָנגעהויבן צו רעדן:

— ס'איז נישט היימלעך אויפן וועג, וואָס? וווהין רעכנט איר צו פאָרן? זיי ווילן דאָך אייך פאַרפירן ערגעץ קיין נידערשלעזיע אין די חרובע פאַבריקן. קומט בעסער אַראָפּ צו אונדז, אין קיבוץ...

טורקאָ האָט זיך געפילט אומהיימלעך פון יענעמס רייד און פון זיין אומרואיקן קוקן, ווי ער וואָלט זיך פון ערגעץ אַרויסגעגנבעט, אָדער פּלאַנט ערגעץ אַריינצוגנבענען זיך. ער האָט געזען ווי יענעמס חבר, אַ בחור מיט גלאַנציקע אָפּיצערסקע שטיוול, האָט עפּעס איינגעטענהט מיט די ליפּשיצעס, וועלכע האָבן דאָ באַקומען די האָפּערדיקייט, וואָס איז האַרט פאַר דער גרענעץ פאַרשווונדן. די ליפּשיציכע האָט געזאָגט צום מאַן:

— הערסט, מע האַנדלט, מע קריגט אַלצדינג...

— ס'איז טאַקע אמת? — האָט ליפּשיץ זיך געהאַלטן אין איין וווּנדערן.

— פאַר אייער כשר געלט — האָט יענער געענטפערט מיט אַ ביטער־שמייכלענדיק מינעלע — וואָס פאַר אַ פראַגע!

גרינצווייג האָט געהאַט אַ בייזן אויסדרוק אויפן פּנים.

— אַזוי כשר, ווי חזיר־פיסלעך. מסתמא פון טרפהנעם האַנדל אויף די באַזאַרן...

דער בחור, וואָס האָט גערעדט מיט ישכרן, האָט נישט באַמערקט זיין איראָנישן בליק און ווייטער געצויגן עפּעס אַזעלכע בלימלדיקע רייד וועגן טיפע געפילן פאַר דורותדיקער געשיכטע און שנאה צום פינצטערן גלות. די ווערטער זענען ווי געפאַלן נעבן ישכרן און נישט געוועקט קיין שום געדאַנק. ער האָט געקוקט אויף די פעלדער, איינגעטונקט אין געדיכטער, טונקעלער גרינקייט. די אויפגעוואַקסענע תבואות זענען געשטאַנען שווייגנדיק, ווי זיי וואָלטן זיך צוגעהערט מיט פאַרוווּנדערונג צום טומלדיקן רעש פונעם שטייענדיקן צוג. ערגעץ ווייט צווישן די פעלדער איז

אַרויסגעשווומען אַן אויטאָ, פול מיט יוגנטלעכע. איבער זיי זענען געשוווּמען קליינע ווייסע וואָלקנדלעך.

— ווי שיין עס איז! — האָט עס זיך פון ישכרן אַרויסגעריסן.

— וואָס? וואָס מיינט איר?

ערשט איצט האָט זיך ישכר שאַרף איינגעקוקט אינעם „אַגיטאַטאָר". זיין פּנים מיט די לויפנדיקע אויגן הינטער די ברילן האָט אים, ישכרן, מיטאַמאָל דערמאָנט אין יענעם, וועלכן ער האָט אין קאַראַגאַנדאַ געטראָפן האַנדלען אויפן באַזאַר. ער האָט אים פּלוצעם אַ פרעג געטאָן:

— וואָס פאַר אַ פאַך האָט איר, יונגערמאַן? כ׳מיין, ביי וואָס אַרבעט איר?

— אַ פאַך? איך האָב נישט קיין פאַך. מיין פאָטער האָט אין לובלין געהאַט אַ שניט-געשעפט...

— כ׳פאַרשטיי... — טורקאַ האָט מיט פאַראַכטונג זיך אָפּגעקערט פון אים.

# X

פאַרטאָג. די לאָדזשער גאַסן זענען נאָך געווען האַלב פאַרשלאָפן. אָבער אויפן מזרח האָט שוין דער מאָרגן אין רויטן זיך געצונדן. פון די הונדערטער הויכע פאַבריק-קוימענס האָבן גענומען שפּאָרן דיקע, שוואַרצע זיילן רויך, און אַ לייכט ווינטל האָט זיי גענומען בייגן און ציען איבערן בלייכן הימל.

לאַנג איז ישכר טורקאַ געשטאַנען אויף דעם אָרט, ווי עס איז אַמאָל געווען דאָס הויז, אין וועלכן ער מיט זיינע עלטערן האָבן געוווינט. איצט איז דאָ אַ פּוסטער פּלאַץ. אַלץ האָט זיך אין זיינע געדאַנקען אַזוי אויסגעמישט, אַז ס׳איז אים שווער געווען זיך צו דערמאָנען, וואָס אייגנטלעך האָט ער געמיינט דאָ צו געפינען. ער האָט זיך דאָך גענוג אָנגעהערט וועגן דעם גרויסן בראָך. שוין געוווּסט אויף זיכער, אַז ס׳זענען אומגעקומען דריי מיליאָן יידן פון פּוילן, אַז געראַטעוועט זענען געוואָרן בלויז די, וואָס זענען אַוועק אין ראַטנפאַרבאַנד. חוץ אים מיט זיין ברודער שעיה האָבן אויך זיינע איבעריקע ברידער געוואָלט אַוועק. זיי האָבן נישט באַוויזן און געווים אומגעקומען. די גאַנצע צייט האָט נאָך געטליעט אַ האָפענונג: אפשר לעבט ווער! דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים באַגלייט דעם גאַנצן וועג פון קאַראַגאַנדאַ ביז אַהער. איצט איז שוין אַלץ באַוווּסט. פון זיין משפחה, ווי פון טויזנטער אַזעלכע ווי זיינע, איז קיינער נישט געבליבן. ער האָט

זיך דערמאָנט דעם טומל, די פאַרהאַוועטקייט, מיט וועלכע ס'זענען דאָ פול געווען די גאַסן. איצט איז אַלץ אויסגעגלייכט מיט דער ערד. דאָ אויף דעם אָרט האָט זיך אָנגעהויבן דער געטאָ.

אַ דערדריקטער האָט ער שפּעטער זיך אַרומגעדרייט איבער די לאָדזשער גאַסן, וועלכע זענען געוואָרן אַלץ לעבעדיקער און טומליקער. די טראַמווייען זענען געווען אָנגעפּילט מיט אַרבעטער. לאָדזש איז געפאָרן צו דער אַרבעט. די ענדלאָזע פּיעטריקאָווער גאַס איז פול געווען מיט עלטערע און יונגע מענטשן, וואָס האָבן מיט שנעלע טריט געשפּריזט צו די פאַבריקן. אין זכרון האָבן אויפגעלעבט אַלטע, פאַרגעסענע בילדער פון פאַר דער מלחמה. אויך דעמאָלט אין דער צייט האָבן טויזנטער מענטשן זיך געאײַלט אין די פאַבריקן. דעמאָלט האָט אָבער אַזאַ בילד דערדריקט. די אַרבעטער האָבן געהאַט פאַרכמורעטע פּנימער, בלאַסע, קרענקלעכע, אַזוי ווי לעבעדיקע שאָטנס. איצט זעט אַלץ אויס אַנדערש. די אייגענע גרויסע הייזער, די אייגענע ענגשאַפט, אָבער ווי ס'וואָלטן צוגעקומען קאָלירן. דער הימל קוקט אויס בלויער, כאָטש די קומענס הערן נישט אויף אַרויסצולאָזן וואָלקנס רויך. די מענטשן שמייכלען. טורקאַ קען דעם דאָזיקן שמייכל, וואָס דערציילט וועגן פרייער אַרבעט.

די צערוישטע גאַס, דער שמאָלענער גרילץ פון די טראַמווייען, דאָס פריילעכע איבעררופן זיך און שמועסן פון די מענטשן — אַלץ האָט דאָ געצויגן צונויפצושמעלצן זיך מיט דער דאָזיקער לעבעדיקער מענטשן־מאַסע, אָננעמען זיך מיט איר לעבנס־כוח.

ער האָט זיך מיטאַמאָל געזען שטיין נעבן דער ווידזעווער מאַנופאַקטור. ער פלעגט דאָ נישט איינמאָל דורכגיין, האָט אָבער קיינמאָל נישט געפילט קיין שייכות מיט דער פאַבריק. זי האָט געהערט צום יידישן פאַבריקאַנט אשר קאָהן, נאָר קיין שום ייד האָט דאָ נישט געקאָנט באַקומען קיין אַרבעט. בעת אַ שטרייק בלויז פלעגט ער הערן, אַז דאָ אַרבעטן ביי אַ צען טויזנט מענטשן, און מער ווי אַ העלפט מאַשינען שטייען ליידיק. מענטשן אַרבעטן צו עטלעכע טעג אין חודש פאַר גראָשנס.

איצט איז ער געשטאַנען פאַר דער פאַבריק, געקוקט אויף דעם פרייִדיקן שטראָם, וואָס איז געפלאָסן צום צעעפנטן פאַבריקס־טויער, און האָט זיך אָפּגעגעבן דער פרייד, ווי איינער, וואָס האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון אַ שווערער איבערלעבונג.

אין דעם אומאויפהערלעכן שטראָם מענטשן האָט פאַר ישכרן פאַרבייגעבליצט אַ באַקאַנט פּנים. יענער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט. אַ מינוט האָבן זיי זיך ביידע אָנגעקוקט.

— ישכר!

— יאָסל!

זעקס יאָר, ווי זיי האָבן זיך שוין נישט געזען. ס'האָט ווידער אַ פּליִיץ געטאָן מיט דערינערונגען.

...אַ פּראַקטיקער אַוונט. יאָסל האָט אים אָפּגעוואָרט בײַם אַהיימגיין פֿון דער אַרבעט. שוין דעם צווייטן חודש ווי יאָסל דרייט זיך אַרום אַר־בעטסלאָז. אַ גאַנצן טאָג איז ער נישט געווען אין שטוב. די שפּיץ פֿינ־גער זענען בײַ אים אָפּגעפֿרוירן. עס שטעכט ווי מיט שפּילקעס. ישכר האָט געהאַט בײַ זיך אַ פּאָר גראָשן און זיי אים אַוועקגעגעבן.

— דאָס ביסטו עס טאַקע? — האָט יאָסל זיך געחידושט — כ'דערקען דאָך דיך נישט.

— און איך דיך אויך נישט. כ'מיין, מיר זענען ביידע אַנדערע.

זיי האָבן זיך אָפּגעשמועסט צו טרעפֿן נאָך דער אַרבעט.

יאָסל באַראַוויטש האָט אים דערציילט, אַז אין ראַטנפֿאַרבאַנד האָט ער זיך אויסגעלערנט וועבעריי. איצט אַרבעט ער אין ווידזעווער מאַנו־פֿאַקטור אויף פֿיר שטולן.

— קום צו אונדז אַרבעטן — האָט יאָסל געזאָגט — די פֿאַבריק וועט דיר געבן אַ דירה.

ישכר האָט כיטרע געשמייכלט און געהאַט אַ מינע פֿון איינעם, וואָס קלייבט זיך צו דערציילן אַ וויכטיקן סוד:

— איך בין אַ קוילנגרעבער. כ'פֿאָר קיין נידערשלעזיע. דאָרט איז פֿאַר מיר פֿאַראַן אַרבעט.

זיי האָבן זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט. ס'האָט זיך געדאַכט, ווי יעדער פֿון זיי וואָלט געלייענט פֿון דעם צווייטנס פּנים די פֿרייד פֿון אָפּגעפֿונע־נעם לעבן.

## XI

אין יענער צייט האָבן אַ סך יידישע יונגעלײַט, וואָס האָבן אין ראַטנ־פֿאַרבאַנד געאַרבעט אין די קוילנגרובנס, געצויגן קיין נידערשלעזיע, אין דעם קוילנצענטער — וואַלבזשיך און נאָווע־רודאַ. זיי זענען דאָ אויפֿגענו־מען געוואָרן ווי די סאַמע געגאַרטע מענטשן און האָבן זיך גלייך גע־שטעלט צו דער אַרבעט. יעדער איז געגאַנגען אַהין, ווו ס'האָט אים גע־צויגן —צום לאַדעוועץ, צום „שיסן", צום האַקן די וואַנט און צו די פֿאַר־שידנערליי אַנדערע קוילנגרעבערישע פֿאַכן.

— וואָס פֿאַר אַן אַרבעט איז אייך צומנאָענטסטן, בירגער טורקאָ?
— האָט דער אָנפֿירער פֿונעם גרובן, אינזשיניער סאָלאָוויטש געפֿרעגט ביי ישכרן, וועלכער איז געשטאַנען אין דער ריי בעלנים צו גיין אַרבעטן.
— כ'אַרבעט שוין פֿינף יאָר אַלס קוילנגרעבער. מיר זענען אַלערליי אַרבעטן באַקאַנט און נאָענט.
דעם אינזשיניערס בליק איז געוואָרן אויפֿמערקזאַמער. ער האָט טורקאָן נייגעריק אָבסערווירט פֿון דער זייט.
— צי איז דאָרט, ווו איר האָט געאַרבעט, געווען אַ פֿיליאַרן־סיסטעם?
ווייזט אויס, אַז אין טורקאָס שילדערן די באַדינגונגען, אין וועלכע ער האָט געאַרבעט אין קאַראַגאַנדאַ, האָט דער אינזשיניער סאָלאָוויטש גלייך דערשפּירט די באַזונדערע ליידנשאַפֿטלעכקייט, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר אַן אמתן קוילנגרעבער. ער איז ווי מיטגעריסן געוואָרן פֿון זיין דערציילן וועגן די קאָלעקטיווע אופֿנים פֿון אַרבעט אין די סאָוויעטישע גרובנס. ביי טורקאָן האָט זיך אַרויסגעריסן:
— מ'דאַרף ביי אונדז אויך אַזוי איינשטעלן די אַרבעט.
דער אינזשיניער האָט זיך פֿאַרטראַכט.
— ס'איז נישט אַזוי לייכט. ס'וועט דאַרפֿן קאָסטן אַ סך אָנשטרענגונג. אָבער ס'וועט כדאי זיין.
שוין פֿון דער דאַזיקער ערשטער באַגעגעניש האָט זיך צווישן דעם אינזשיניער און ישכרן איינגעשטעלט אַ נאָענטקייט, וואָס האָט זיך לאַנג געצויגן. זיי האָלטן נאָך אַזוי ווייטער געשמועסט, ווען ס'קומט נישט ווער אַריין מיט אַ פּעקל פּאַפּירן אונטערצושרייבן. דער אינזשינער האָט טורקאָן אויפֿגעשריבן דעם נאָמען פֿונעם שטיגער, צו וועלכן ער דאַרף זיך ווענדן. ישכר איז שנעל אויפֿגעשטאַנען און האָט מיט זיינע לאַנגע און פֿעסטע טריט אָוועקגעשפּרייזט אין דער ריכטונג פֿונעם שטיגער־ביוראָ. דער אינזשיניער סאָלאָוויטש איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטער, נאָכגעקוקט טורקאָס פֿריילעכן שפּרייזן און אַ צופֿרידענער אַ זאָג געטאָן הויך צו זיך אַליין.
— יאָ, דאָס איז אַ קוילנגרעבער. מיט אַזעלכע קאָן מען עפּעס אויפֿטאָן.
דער קוילנגרובן אין נאָוואַ־רודאַ איז ענלעך צו דעם פֿון קאַראַגאַנדאַ. דער זעלבער גערומל פֿון די עלעקטרישע וועגעלעך און פֿון די זיך אָנשטויסנדיקע וואַגאָן־בופֿערן. פֿון סופֿיט קאַפּעט וואַסער. די פּאָמפּעס הערן נישט אויף צו אָטעמען, רעגלמעסיק, זיכער. ס'מישן זיך אויס די קלאַנגען פֿון פּלאַצנדיקע ווענט, פֿון זעגן און סווישטשענדיקע בויער־מאַשינען. אַ הייליקייט האָט אויף ישכרן אַ ווייע־געטאָן. ער האָט דאָס אַלץ אַזוי גוט

געקענט. פון דער טונקלקייט פון די קאָרידאָרן זײַנען צו אים דערגאַנגען שטימען, יידישע ווערטער, ישכר איז געבליבן שטיין ווי א צוגעשמידטער. די שטימען האָבן זיך דערנענטערט, ער האָט שוין אפילו געהערט, וואָס זיי רעדן.

— ...ס'איז נישט קיין וואַזשנער גרובן. זעסט... דאָ זענען נאָך אַלץ חילצערנע סלופּעס. ביי אונדז וואָלטן שוין לאַנג געווען אייזערנע.

— וואָס האָסטו געמיינט — האָט דער צווייטער זיך אָפּגערופן, און לויט דער זינגעוודיקייט פונעם קול, האָט ישכר דערקענט, אַז ס'איז א גאַליציאַנער — קאַפּיטאַליסטן וועלן דיר פאַרזאָרגן דעם גרובן אויף הונדערטער יאָרן? זיי גייט אָן נאָר דער היינטיקער טאָג. פאַר דער מלחמה איז טאַקע געווען א סכנה צו אַרבעטן אין א קוילנגרובן, יעדן טאָג געהרגעטע, פאַרוווּנדעטע. וואָס איז זיי אָנגעגאַנגען דאָס לעבן פון א מענטשן? ס'האָבן נישט געפעלט קיין אַרבעטסלאָזע, וואָס זענען אויף אַלץ גרייט געווען... אָן אמתער קבר...

ווען זיי האָבן זיך אויסגעגלייכט מיט ישכרן, האָט ער צוגעוואָרפן.

—און ווען איר פרווּוט דעמלט וועלן זיך אַריינקריגן אין דעם קבר, וואָלט מען דען אונדז, יידן, אַריינגעלאָזט?

— פון דעם איז דאָך שוין אָפּגערעדט...

ראַנטשקע, דער שטיגאַר, וואָס איז געגאַנגען צוזאַמען מיט ישכרן האָט נייגעריק געפרעגט:

— וועגן וואָס רעדט איר דאָס?

טורקאָ האָט אים דערציילט. ראַנטשקע האָט א לאַך געטאָן, אויפגעהויבן דעם לאָמפּ, באַלויכטן טורקאָס פּנים און זיך אָפּגערופן:

— מיר וועלן זיך אַמאָל טרעפן אויבן, נאָך דער אַרבעט, וועל איך דיר דערציילן, ווי אַזוי דאָס האָט דאָן אויסגעזען. א פאַרשאָלטן לעבן געווען...

זיי זענען ווייטער געגאַנגען. ראַנטשקעס טונקעלע פיגור האָט איצט אויסגעזען גרויס, שווער און סודותדיק. ער האָט הויך געצויגן מיט דער נאָז, געשמעקט די לופט, אונטערמורמלענדיק: ס'איז אין אָרדענונג...

— וואָס מיינט איר דערמיט, חבר שטיגאַר?

— נו, דאָ דאַרף מען זיין פאָרזיכטיק. ס'קאָנען זיך מאַכן גאַזן. ווערסט נישט באַצייטנס דערשפּירן דאָס שטינקעכץ, קאָן געשען אַן אומגליק.

די ירושה פון דער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט אין די גרובנס, האָט זיך אין יענער ערשטער צייט געלאָזט שטאַרק פילן. די קוילנגרעבער האָבן געהאַט אויסצושטיין גרויסע שוועריקייטן. פון אומעטום האָבן געלויערט סכנות — פאַרפוילטע שטעמפּל־בעלקעס, געפּלאַצטע סופיטן, גאַזן.

זענען געקומען די מענטשן פון דער פּאַרטיי, פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי, און האָבן געשטאַרקט די סאָלידאַריטעט און דעם פּיזישן אָנשטרענג פון די קוילנגרעבער, כדי איבערצוכיטרעווען דעם טויט און זיין אייגענער נאַרע. ס'איז בעוואַקסן די באַגייסטערונג פאַר דער אַרבעט, וועלכע ווערט געטאָן נישט פאַר דעם עקספּלאָאַטאַטאָר, נאָר פאַרן אייגענעם לאַנד, פאַר זיך און פאַר אַלעמען.

עס זענען כסדר צוגעקומען אַלץ נייע אַרבעטער, עס זענען געקומען פּוילישע קוילנגרעבער פון פראַנקרייך, פון דייטשן רור־געביט, פון אַמעריקע. מיט יאָרן צוריק האָבן זיי געמוזט פאַרלאָזן פּוילן, אַרויסגעטריבענע דורך הונגער, נויט און פאַשיסטישן טעראָר. אָבער אויך אין יענע לענדער האָבן זיי קיין לעבן נישט געפונען. נויט, פאַרפאָלגונגען אויף יעדן טראַט. קעמפנדיק האָבן זיי אָפּגעהיט אין זיך די גרויסע בענקשאַפט צום היימלאַנד, וואָס מוז און וועט באַפרייט ווערן פון דער קאַפּיטאַליסטישער הערשאַפט.

מאַסנווייז זענען זיי צוריקגעקומען אַהער און אָנגעפילט די אָפּגעלאָזטע קוילנגרובנס מיט לעבן, מיט קאַמף קעגן דער בלינדער סטיכיע. ס'האָבן דאָ אָפּגעקלונגען דיאַלעקטן פון די פאַרשידנסטע געגנטן. די מענטשן האָבן זיך אָבער גוט פאַרשטאַנען סיי אין רעדן, סיי אין שווייגן. ס'האָט געדאַרפט זיך איינהערן אין פאַרטייעטן אָטעם פון דער ערד, פאַרשטיין און איבערזעצן איר סוד אויפן מענטשלעכן לשון.

וואָס אָן אמת — עס זענען געווען אויך אַזעלכע, וואָס זענען געבליבן טויב און בלינד פאַר דעם נייעם, וואָס איז אויפגעקומען אין זייער אייגן לעבן. דורך פאַרשידענע וועגן פלעגט צו זיי טרעפן דער שונא פון אַלדאָס מענטשלעכע און פּראָגרעסיווע, דער קלאַסן־פיינט, און געמאַכט פון זיי אַ ווערקצייג פאַר זיין צעשטערערישער אַרבעט.

מע האָט איינמאָל געדאַרפט איבערטראָגן די שטעמפּל־בעלקעס פאַר אַ צווייטער געביידע. ס'האָט דערביי געאַרבעט מיכאַלסקיס בריגאַדע, אַלטע קוילנגרעבער — און זיי האָבן קוים זיך אַן עצה געגעבן. ס'זענען נישט געווען די מכשירים, וואָס זאָלן די בעלקעס אויטאָמאַטיש פאַנאַנדערנעמען.

גראַנעק, וועלכער האָט זיך געמוטשעט ביים אַרויסהאַקן אַ קלין, כדי די שטעמפּלען זאָלן לייזער ווערן, האָט אַ פאַרסאַפּעטער גערופן:

— וולאַדעק, גראַבל אַרויס פון אונטן אַביסל קוילן און נעם אַרויס אַ קלאָץ, ווייל כ'וועל זיך, צום טייוול, קיין עצה נישט געבן... נו, שנעלער. — ער האָט גענומען שרייען העכער — לאַנג וועל איך אַזוי וואַרטן אויף דיר?

— וואָס, צו אלדי שווארץ יאָר, יאָגסטו זיך אזוי?! — האָט יענער כעסדיק געמורמלט אונטער דער נאָז — כ'האָב נישט קיין חשק זיך מקריב צו זיין פאר ז יי, פאר זייער פאָלקס־דעמאָקראַטיע...

צו ישכר טורקאָן זענען די דאָזיקע ווערטער דערגאנגען, ווי דאָס פלוצעמדיקע בלאָזן פון א קאַלטן ווינט, וואָס נעמט דורך ביזן ביין. ער איז צוגעגאַנגען צו גראָנעקן און אָן א וואָרט צו זאָגן אים געהאָלפן אפיר־נעמען דעם קלאָץ. שפּעטער, ווען די ארבעט איז שוין געווען אָפּגעטאָן, האָט גראָנעק הויך געזאָגט:

— צוליב אזעלכע אידיאָטן, ווי דער וולאָדעק דאַרפן אלע ליידן. ס'איז דען א מענטש... עך, אזא איינעם דאַרף מען צען מאָל אין טאָג דערמאָנען, ווי ס'האָט אויסגעזען אַמאָל, אין פריצישן פוילן...

— דו גיב נאָר אַכטונג, — האָט דישענדיק געדראָט וולאָדעק — כ'זאָל דיר נישט איבערדרייען דעם פּיסק אויף דער צווייטער זייט. ביסט נאָך צו־יונג, זאָלסט מיך דערמאָנען אמאָליקע צייטן...

פון וולאָדעקס אויגן־ווייסלען האָט אַרויסגעקוקט רציחה. טורקאָ האָט געהערט גראָנעקס פאַרשנעלערט סאָפּען. ס'וואָלט זיכער געקומען צו א געשלעג, ווען ס'קומט נישט אָן ראַנטשקע, צו קאָנטראָלירן די ארבעט.

אויפן וועג אהיים, שוין אָפּגעוואשענע, איבערגעטוענע, האָט גראָנעק זיך אָנגערופן צו ישכרן:

— זאָג מיר, כ'בעט דיך, אפשר ווייסטו, צו וואָס פּלאָנטערן זיי זיך דאָ פאר די פיס, אָט די לאָבוזעס? זיי מאַכן דאָך אָן שאָדנס, שטערן. זעסט, אָט די'אלע צרות מיטן טראַנספּאָרט, מיט דעם האָלץ, — דאָס טוען זיי דאָך עס אונדז אלץ אָפּ. זיי מאַכן עס כיטרע...

— נעם זיך נישט איבער. — האָט אים ישכר געטרייסט — און אז אזא איינער האָט א פאַסקודנעם פּיסק איז וואָס? וועלן מיר זיך מיט אים אָנוועקזעצן אויסטענהן?

ישכר האָט עס געזאָגט סתם אזוי, כדי צו דערמוטיקן גראָנעקן, וועל־כער האָט אויסגעזען צו זיין שטאַרק פאַרביטערט. אָבער ביי זיך אין האַרצן האָט ער שוין דערמלט זיך אָפּגעגעבן א רעכענונג, אז וולאָדעק איז נישט איינער, אז אויך אויבן, אין דער אדמיניסטראַציע זענען פאַראַן פאַרמאַסקירטע שונאים, וואָס טוען אָפּ שאָדנס.

— ס'גייט מיר נישט אין אויסטענהן זיך. ס'האַנדלט זיך אין דעם, וואָס מע דאַרף זיי קוקן אויף די הענט. אזעלכע קאָנען אָפּטאָן שרעק־לעכע זאַכן.

גראָנעק האָט עס אַרויסגערעדט מיט פאַרביטערונג, מיט היץ; ישכר

האָט געשוויגן. נאָך עטלעכע מינוט איז גראָנעק אויך אַנטשוויגן געוואָרן. ביידע האָבן געטראַכט וועגן דעם זעלבן — צו ווייניק וואַכזאַם זענען זיי בנוגע דעם שונא, ביי וועמען די קוילן, וואָס זיי ליפערן, זענען אַ דאָרן אין אויג.

— ווילסט, וועל איך דיר עפּעס דערציילן, האָט גראָנעק, שוין אַ באַרואיקטער, זיך אָנגערופן — ס'איז געווען אין פראַנקרייך, אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. ווילסט הערן?

— אוודאי וויל איך — האָט טורקאָ געערן מסכים געווען — דערצייל.

ישכר טורקאָ האָט פון גראָנעקן זיך דערוווּסט אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן פון קוילנגרעבער-לעבן אין פראַנקרייך און אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן. ער האָט אָנגעהויבן צו קוקן מיט אַפענערע אויגן אויף אַלץ, וואָס ס'האָט זיך געטאָן ארום אים.

# XII

גאָנטשאַראָווסקי, דער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע פון דער פּוילישער אַרבעטער-פּאַרטיי אין קוילנגרובן „פּיאַסט", איז שוין צוויי מאָל אין משך פון דער נאָכמיטאָג-שיכט געווען אונטן, כדי צו זען ווי ס'גייט דאָס לאָדעווען די טראַנספּאָרטערן. דער הינטערשטער טייל פּלאַץ איז שוין געווען באַלד אָפּגערייניקט.

— געהילץ האָט איר גענוג — האָט גאָנטשאַראָווסקי וואָרעם זיך אָפּגערופן צו בוקאַטשן, לעבן וועלכן ס'האָט זיך געפונען טורקאָ, העלפנדיק אים פאַרפעסטיקן די שטעמפּלען — איצט דאַרף עס גיין מיט דער פולער פּאַרע, האַ?

געזאָגט האָט מען אויף גאָנטשאַראָווסקין, אז ער באַוועגט זיך אָפּט אָן אַ לעמפּל, אַזאַ שאַרף אויג איז ביי אים. נאָך אַרבעטנדיק אַלס בריגאַדיר, האָט ער מיט איין בליק באַוויזן אַרומצונעמען אַלץ, וואָס ס'האָט זיך געטאָן אין קאָרידאָר.

בוקאַטש האָט לוסטיק צוגעפּייפט אַ פראַנט-לידל, נישט איבעררייסנדיק די אַרבעט. פון דער זייט האָט זיך עמעץ אָנגערופן, הויך, שרייאיק:

— ס'מוז דאָך מאַכן דעם פּלאַן... ס'מוז גיין... דריי-יאָר-פּלאַן...

דאָס האָט זיך קשיווי צערעדט אַזוי ביים לאָדעווען.

— מיר וועלן אויספירן. אוודאי וועלן מיר אויספירן — האָט דער סעקרעטאַר מילד אונטערגעכאַפּט — מיר וועלן זיך נישט לאָזן איבער-

יאַגן דורך וואַלבזשיך. וואָס איז? מיר האָבן שוין קיין אמביציע נישט?
פאַרבייגייענדיק, האָט ער באַמערקט די צוגאָב-שטעמפּלען, וואָס ראַנטשקע האָט היינט אריינגעפּירט. טורקאָ האָט געהערט, ווי ער האָט געמורמלט צו זיך: „נישקשה, ס'איז לייטיש געמאַכט״.
אין דער טיף, ווו ס'האָבן זיך געצווייגן די נייע רייען שטעמפּלען, האָט נישט-דייטלעך אויפגעבליצט אַ לעמפּל און גלייך פאַרלאָשן געוואָרן. גאַנטשאַראָווסקי האָט אַנגעשטרענגט געקוקט אהין. ער האָט געוווּסט, אז דאָרט אַרבעט ניישט קיינער. ער איז שנעל אהינגעגאַנגען.
— וואָס טוט איר דאָ? — האָט גאַנטשאַראָווסקי געפרעגט דעם באַגעגנטן סטאָליאַר האַרינטשיק.
— כ'פאַררוכט די שטעמפּלען.
גאַנטשאַראָווסקי איז אוועק. ראַנטשקען האָט ער באַגעגנט שוין ער דערקענט, אז דאָ איז היינט גאָרנישט געטאָן געוואָרן. די אַרבעט איז פאַרענדיקט געוואָרן נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק.
— ווער האָט אייך דאָ אוועקגעשטעלט?
דעם סטאָליאַרס פּנים, הינטער דער דיקער שיכט שוואַרצן שטויב, האָט זיך געצונדן פון כעס.
— ווער ביסטו דאָס אַזעלכער, וואָס דו פאָרשסט מיך? אינזשיניער סילאַוזאַ האָט מיך נאָך נעכטן געהייסן דאָ אריינהאָקן די קלינעס. אָט האָב איך עס איצט געענדיקט...
— און ראַנטשקע ווייסט, אז איר זענט דאָ? — די עקשנותדיקע האַרטקייט, וואָס האָט זיך פון גאַנטשאַראָווסקין געריסן, איז נישט דער-נאָנגען צום פּנים, וואָס איז ווייטער געבליבן רואיק, מילד, פּונקט ווי דאָס קול.
— ווייס איך?... וואָס גייט עס מיך אָן?
גאַנטשאַראָווסקי איז אוועק. ראַנטשקען האָ טער באַגעגנט שוין אינדערהייך, ביים אַרויסגיין פון דער ווינדע.
— ווי אַרבעטן עפּעס ביי דיר די סטאָליאַרעס?
— זיי אַרבעטן, אָט...
— און האַרינטשיק?
ראַנטשקע האָט פאַרשטאַנען, אז דער סעקרעטאַר האָט עפּעס דער-שמעקט אַזוינס, וואָס ער האָט פאַרזען. די קנייטשן אויף זיין ברייטן שטערן האָבן פאַרטאָפּלט דעם ערנסטן קוק.
— נו, פון דיר קאָן מען פאַרלאַנגען אַביסל אַ בעסערע אָרגאַני-זאַציע פון דער אַרבעט. דיין אָפּטיילונג דאַרף זיין אַ ביישפּיל. העקער האָסטו דאָך גאַנץ נישקשהדיקע.

שוין שטרענגער האָט ער צוגעגעבן:

— מוט זיך נעמען אין די הענט אַריין, ראַנטשקע. אויב די סטאָ-ליאַר־אַרבעט וועט זיך נישט פאַרבעסערן, וועל איך עס אַוועקשטעלן אויף אַן עקזעקוטיוו־זיצונג.

קלאָר ווי דער טאָג. ראַנטשקע איז אַפילו נישט אין כעס. ער האָט אַפילו נישט וואָס צו פרעגן. אָט זעט ער גאַנטשאַרוּוסקין, ער קאָן אַפילו איבערציילן יעדן קנייטש אויף זיין לענגלעך פּנים, און אָט ווערט זיין בליק דערמוטיקן אין גאַנטשאַרוּוסקיס העל־בלויע, וואַרעמע, גלויביקע אויגן.

ראַנטשקע האָט נישט געוווּסט, אַז אין דריי טעג אַרום וועט גאַנ-טשאַרוּוסקי דאַרף רעפערירן אין שטאָטישן פּאַרטיי־קאָמיטעט, אויף אַן אויסגעברייטערטער זיצונג, ווי עס האַלט מיטן פּלאַן פאַר די לעצטע דריי חדשים, און ווי ס'זעט אויס דער אַרבעטס־פאַרמעסט, און אַז זיין, ראַנטשקעס, שפּיילונג פאַרנעמט אין דאָזיקן אַרבעטס־פאַרמעסט דאָס ערשטע אָרט.

ראַנטשקע האָט איס, גאַנטשאַרוּוסקין, ניעט געוואָלט אָנטאָן איצט קיין קלעמעניש. איס האָט זיך געוואָלט דערציילן עפּעס גוטס, אַז גאַנ-טשאַרוּוסקיס פּנים זאָל זיך אויסלייטערן.

— די יונגע האָבן זיך היינט אָרגאַניזירט אין אַ באַזונדערע בריגאַדע. די אַרבעט גייט ביי זיי נישט שלעכט.

— ס'ווייס עס. — גאַנטשאַרוּוסקי האָט פאַרוויקערט אַ פּאַפּיראָס אין דעם פאַרלאָשענע שוועבעלע צוריק אַריינגעלייגט אין שאַכטל — אַבער כ'מיין דיר זאָגן, ביי דיר, אויף דער ערשטער וואַנט, שפּירט זיך שיטל. ס'פעלט דאָרט ברען.

ראַנטשקע איז גלייך צוריק אַרויסגעגאַנגען. ער האָט נאָך געטראָפן דעם סעקרעטאַר אין דעם גאַנג, ביטערע האָרן אַוועקגעלאָזט צו איס.

יעצט האָט ווידער דערהערט קשיות קול:

— האַהאַ, דו נאַר, ווי ער כמעטשלאָפט דאָס, דער „רויטער"...
אַ בריגאַדע אַרבעט, און איך טשעפּעט זיך צו איס... ער האָט דאָך גע-מוזט פאַרפּעסטיקן די שטעמפּלען.

ס'זענען צוגעקומען לייִדיקע וואַגאָנעטקעס. דער געוויש פון די פּאַנ-דיקע שטיקער קוילן איבער אייזערנעם דנאָ האָט פאַרטויבט אַלע רייד. די מיינערשן האָבן אַרויסגעוואָרפן די מאַרינעטקעס. אַלע האָבן איצט געדאַרפט טראַנספּאָרטירן די וואַגאָנעטקעס. ווו זענען אָבער אַזוינע לייטיקע קשיות מיט וואַגאָנעטקעס פאַרוואָס האָלבן זיי נישט לאַדעוועט?

יעצט טוּרקאַ האָט זיך אויסגעקוקט. אפשר איז ערגעץ דאָ ראַנטשקע.

אַרום זענען אַלע געווען פּאַרנומען. אין דער לופט איז געשטאַנען אַ זויער־דער ריח פון פּאַרעדיקן שוויים. פון דער טיף, צווישן די גלייכע רייען שטעמפּלען, דאָרט ווו ס'איז פריער געווען האַרינטשיק, האָט זיך טורקאַן אויסגעוויזן צו זען צוויי פייערלעך, וואָס זענען געוואָרן אַלץ קלענער. ער איז זיכער געווען, אַז דאָס זענען זיי, קשיווי מיט וואָלאָדעקן. וואָס זוכן זיי דאָרט? ער האָט זיך שנעל אָפּגעריסן פון אָרט און גענומען לויפן אין יענער ריכטונג. אייגנטלעך וואָלט גלייכער געווען אַ געשריי טאָן, זיי זאָלן זיך אומקערן. אפשר ווילן זיי דאָרט מאַכן אַ כוסה. איז טאַקע בעסער צו כאַפּן ביי דער האַנט. זיי וועלן זיך זידלען, אַזוי ווי זיי קאָנען, מיט דונערן, טייוולאָנעם און כאָלערעס. זאָלן זיי זידלען. ער וועט זיי זאָגן, אַז אַזוי טוט נישט קיין אמתער קוילנגרעבער. דאָ האָקט מען זיך אָפּ די פינגער פאַר טראַנספּאָרטערן, דער סעקרעטאַר אַליין האָט זיך געמוזט אַריינמישן, און זיי זעצן זיך גאָר אַוועק טרינקען.

ער האָט פאַרדעקט דאָס לעמפּל מיט דער האַנט און שנעל זיך גענומען צושאַרן צום אָרט, ווו זיי זענען געזעסן. די צוויי טראָפּנס ליכט האָבן זיך דערנענטערט, געוואַקסן. דער אָפּהילך פון לאָדעווען האָט אָפּגעקלונגען וואָס אַמאָל געדעמפּטער, ווי פאַרטויבטע, טעמפּע קלעפּ. ביי דער שיין פון זייערע אייגענע לעמפּלעך האָבן זיך שוין געזען די געבויגענע סילועטן פון די צוויי קוילנגרעבער. זיי זענען געזעסן מיט די פּלייצעס צו טורקאַן.

ער איז געבליבן שטיין מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. יענע האָבן עפּעס גערעדט וועגן מאַגאַזין, ווו ס'ליגט דער דינאַמיט, וועגן שליסלען און דערמאָנט ראַנטשקעס נאָמען.

... — דאָס דאַרף געטאָן ווערן נאָך די וואָך, אויף דער נאַכטשיכט, ווען קיינער פון אונדז וועט נישט אַרבעטן — האָט וואָלאָדעק גערעדט שטיל, כמעט פליסטערנדיק.

די נערוון זענען ביי טורקאַן געוואָרן אַלץ מער געשפּאַנט. ער האָט זיך אַריינגערוקט צווישן די סטעמפּלען, אַזוי, עס זאָל נישט פאַלן אויף אים דער שיין פון זייערע לעמפּלעך.

— ווי לאַנג ס'לאָזט זיך, דאַרף מען זאַמלען וואָס מער דינאַמיט... ס'איז אַ גוט באַהעלטעניש... גאַנטשאַראָווסקין וועט אפילו נישט איינפאַלן...

— כ'האָב זיך גוט דערשראָקן, ווען ער איז צוגעגאַנגען צו האַרינטשיקן...

— מיר האָט עס אויך אַ טיאַכקע געטאָן... ווען מע קאָן אַזוי אָט דעם קאָמוניסט אַפּרוימען, ווי דעם וואָלאָדזשינסקין פון פּ.ג.ר.

— מ'וועט דארפן א רעדט טאָן מיטן אינזשיניער. אָן א באַפעל טאָר מען גאָרנישט מאַכן...

זיי זענען פּאַוואָליע צוריקגעגאַנגען צו די טראַנספּאָרטערן. טורקאָ איז נאָך א מינוט געשטאַנען א צעחושטער. ס'איז אים שווער געווען צו באַנעמען דאָס אַלץ, וואָס ער האָט אָקאָרשט געהערט. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך שטייף אָנגעשטרענגט, ווי צו א שפּרונג. נאָך א סעקונדע — און ער הערט אויף צו הערשן איבער זיך.

אזוי, הייסט עס, געווינלעכע באַנדיטן האָבן זיך דאָ אריינגעכאַפּט, כדי צו שעדיקן. אָבער וואָס אזוינס האָבן זיי פאַרטראַכט? צו וואָס איז זיי נייטיק דער דינאַמיט?

אין אים האָט עס געקאָכט פון אויפרעגונג. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מע דאַרף זיין פאָרזיכטיק. זיי גרייטן זיך אָפּצוטאָן שרעקלעכע זאַכן. גיט וואָלט געווען צו דערוויסן זיך עפּעס מער. אָבער ווי אזוי? אז זיי זענען שונאים — דאָס האָט ער שוין פון פריער געוווּסט. וולאַדעק פלעגט אפילו אָפּן חוזק: „יידישע קוילנגרעבער". שפּעטער, ווען טורקאָ און אנדערע יידישע קוילנגרעבער האָבן איבערגעשטיגן די נאָרמעס, האָט אים קאַפּלאַוויטש ארויסגערופן אויף א פאַרמעסט. מער האָט ער שוין קיינמאָל נישט געפּרוווט חוזק. אָבער פון זיינע אויגן האָט ארויסגעשריגן די שנאה.

ס'איז אָנגעקומען ראַנטשקע. ער האָט זיך געוווּנדערט, וואָס מ'האָט נאָכנישט אוועקגענומען די פאַרלאָדעוועטע טראַנספּאָרטערן. קשיווי האָט געענטפערט מיט א זיסלעך קול, אז ס'וואָלט כדאי געווען צו טעלעפאָנירן ארויף. ישכר האָט דערהערט דאָס האַסטיקע קלאַפּן פון זיין אייגן האַרץ, און ווען ער האָט דערזען ווי ראַנטשקע דערווייטערט זיך, האָט עס אים א חיוב געטאָן אויסצושרייען, וואָס ער האָט געהערט. פון זיין מויל איז אָבער קיין שום קלאַנג נישט ארויס. ער האָט זיך צונויפגעטראָפן מיט וולאַדעקס בלישטשענדיקע אויגן־ווייסלען, וואָס האָבן געקוקט מיט האַס. ישכר איז ניכטערער געוואָרן. און וואָס וועט זיין, אויב מע וועט פאָדערן פון אים באַווייזן? ער האָט דאָך אפילו נישט אַלץ געקאָנט דערהערן. איז גוט! ס'וועלן זיין באַווייזן! ער וועט פריער אויסגעפינען דאָס באַהעלטעניש, און זיי וועט ער אויך נישט אַפּלאָזן פון אויג.

שפּעטער איז ווידער געקומען דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר גאַנטשאַראַווסקי. ער האָט עפּעס גערעדט מיט דעם יונגן דאָמבראָווסקי, וואָס איז געשטאַנען א האַלב־נאַקעטער. גאַנטשאַראָווסקי האָט אנידערגעקניט נעבן אים און עפּעס פאַרצייכנט אין נאָטיץ־ביכל, וואָס ער האָט אָנגעשפּאַרט אויף דער קני. פאַרבייגייענדיק נעבן טורקאָן, האָט ער זיך

אָפּגעשטעלט, געקוקט א ווײלע אויף זײַן ארבעט מיטן האַמער און ווי גלאַט אַזוי א פֿרעג געטאָן:

— ווי מײנסט איר, מע וועט מאָרגן צוטרעטן צום עפֿענען דעם נײַעם „פּאַראַלעל"?

טורקאַן האָט זיך עפּעס געפּלאָנטערט אין קאָפּ, ער האָט זיך בשום אופן נישט געקאָנט דערמאָנען, וואָס אַזוינס ער דאַרף ענטפֿערן. ער האָט שיער נישט אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן דעם אונטערגעהערטן גע־שפּרעך. אָבער דער סעקרעטאַר האָט גלײַך גענומען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש, געפֿרעגט, צי ער האָט געלייענט אין דער הײַנטיקער צײַטונג דאָס אַרטיקל וועגן די יונגע קוילנגרעבער פֿון „פּיאַסט". מע וועט עס דאַרפֿן לייענען קאָלעקטיוו.

— דאָמבראָווסקי פֿאַרשטייט די ארבעט, און איבערגעגעבענער יאָט. מע דאַרף אים צוהעלפֿן... דו האָסט דאָך געאַרבעט אין ראַטנפּאַר־באַנד. וועסט א בליק טאָן ווי ס'גייט בײַ זיי, בײַ די יונגע, האָ? ביסט דאָך שוין אַן עלטערער קוילנגרעבער. פֿאַרשטייסט אין וואָס ס'האַנדלט זיך...

ער איז אַוועקגעגאַנגען, און ישׂכר האָט זיך דווקא געפֿילט ווי א יינגל, וואָס דער טאַטע האָט אים אַרײַנגעגעבן אין חדר און איז נאָר וואָס אַוועק. אפֿשר נאָכלויפֿן אים און דערציילן. א הייסע כוואַליע האָט אים א שלאָג געטאָן אין קאָפּ און איז גלײַך אָפּגעפֿאַלן. ניין, דאָס, וואָס ער האָט געהערט, איז זייער ווייניק. זײַן דערציילן קאָן נאָך אַמאָל אויפֿן סעקרעטאַר מאַכן דעם אײַנדרוק, אַז ער האָט אפֿילו נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס עס באַהאַלט זיך הינטער דעם, וואָס ער אַליין האָט געהערט... מע טאָר אָבער נישט... ניין, ער וועט די צוויי לײַט נישט אָפּלאָזן פֿון אויג... ער מוז זיך דערוויסן זייערע פּלענער און דאָן...

נאָכן פֿאַרענדיקן די ארבעט האָט ער אַזוי אויסגעפּלאַנירט, אַז ער זאָל אַהיימגיין צוזאַמען מיט קשיווין. אָפּגערוקט בלויז אויף אַזויפֿיל, ער זאָל נישט באַמערקן. בײַם אַרויסגיין פֿון טויער איז זוי פֿון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן וולאַדעק און איז צוזאַמען מיט קשיווין אַרײַן אין דעם פּריוואַטן רעסטאָראַן, פֿונוואַנען ס'האָט זיך געהערט א שרײַ־איקע מוזיק, אויסגעמישט מיט גראָבע, שיכורע קולות.

דאָס געסל איז געווען שוואַך באַלויכטן. דינע רעגן־שנורן האָבן זיך געצויגן פֿון טונקעלן הימל, וואָס איז שווער געהאַנגען איבער די גאַסן. ישׂכר איז געשטאַנען אין אַנטקעגנאיבערדיקן טויער און זיך אַרויסגע־נומען די אויגן, קוקנדיק צי זיי זענען נישט אַרויס פֿון שענק. ער האָט

שוין געוואָלט אליין אהין ארייַנגיין, נאָר עס כסדר אָפּגעלייגט. ענדלעך זענען זיי ארויסגעקומען און גענומען גיין אין דער ריכטונג פון די ווילי׳עס.
פארן טויער, וווּ ס׳האָט געווינט אינזשיניער סילוויא, האָבן זיי זיך עטלעכע מאָל אומגעקוקט און אָנגעקלונגען.

אָן אומרואיקע נאַכט, פול מיט בייזע חלומות... ער קניט ביי דער וואַנט, א האַלב־אויסגעטונער, איבערגעבויגן איבערן קילאָף. אָן אויפ־רייס. אלץ נעמט זיך דרייען. קיינער קאָן נישט אייַנהאַלטן דאָס לויפן. קולות, קרעכצן פון פארוונדעטע. מענטשן לויפן, פאַלן, פאַלן...
צומאָרגנס איז ישכר אויפגעשטאַנען מיט א פולן קאָפּ בליי, ווי ער וואָלט איבער נאַכט אָנגעשוואָלן פון אַזויפיל טראַכטן. ער אר־בעט היינט אויף דער צווייטער שיכט און וואָלט נאָך געקאָנט ליגן אביסל אין בעט. ער טוט זיך אָבער שנעל אָן, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין רעכע־נונג וווהין ער לאָזט זיך גיין אויף די שפּיץ פינגער. ער עפנט שטיל די טיר, כדי נישט אויפצוּוועקן איטקען מיטן קינד. ס׳איז שוין ליכטיק. די זון איז נאָר וואָס אויפגעגאַנגען. די פיס האָבן אים אליין געטראָגן אין דער ריכטונג צו דער ווילע פון דעם אינזשיניער סילוויא.
ער קען דאָס אָרט. נישט איינמאָל האָט ער דאָ שפּאַצירט. איצט איז דאָ שטילער ווי אַמאָל. נאָכן באַנאַכטיקן רעגן שטעלט זיך איצט א שיינער טאָג. די ביימער זענען שטילע, ווי זיי וואָלטן באַוואַכט דעם שלאָף פון די מענטשן אין דאָזיקן שיינעם איינשטאָקיקן הייזל. אין גאָרטן וואַקסן רויזן, נעגעלעך. אלץ אָטעמט דאָ מיט ליכט און רו. נישט ווייט פונדאַנען, אויך אין אַזא ווילע, ווינט ראָנטשקע. ער האָט א גרויסע משפּחה. דער עלטערער זון איז געפאָרן קיין וראָצלאַוו שטודירן. אמאָל, דערציילט מען, האָבן דאָ געווינט די אייגנטימער פון די קוילנגרובנס, די פאַבריקאַנטן. היינט ווינען דאָ אומעטום ארבעטס־מענטשן. ווי קומט עס, וואָס דער אינזשיניער סילוויא זאָל געהערן צו די, וואָס ווילן דאָס אלץ צעשטערן?...
די געדאַנקען פון דער פארגאַנגענער נאַכט זענען ווי אויסגעוואַקסן, גרעסער געוואָרן. ס׳איז אים שווער געווען אויפן הארצן. ער האָט נישט באַוויזן דורכצוטראַכטן דאָס אלץ, וואָס האָט איצט פון אלע זייטן געשפּאַרט אין מוח, דורכגעלאָפן ווי עלעקטרישע פונקען און זיך אלץ געדרייט ארום קשיוֹת רייד. ער האָט איצט דייטלעך געהערט, ווי די ווערטער האָבן אָפּגעהילכט צווישן די קוילן־ווענט און זיך צוריק אָפּ־

געשלאָגן מיט אזא קלעפּיקער שוואַרצקייט. זיי האָבן אים געקלונגען אין די אויערן, ווי ער וואָלט זיי ערשט איצט געהערט.

אין דעם גאַנצן האָט זיך אָנגעהויבן א באַוועגונג. ס'האָבן זיך גע־עפנט טויערן. ישכר האָט מיטאמאָל אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז א באַ־קאַנטער קאָן אים טרעפן און פרעגן, וואָס ער טוט דאָ. ער האָט גענומען גיין שנעלער אין דער ריכטונג צום קוילנגרובן, אָבער אָן דער געוויינ־לעכער אַנטשלאָסנקייט. וואָס וועט ער איצט טאָן דאָרט? אפשר צוגיין צום קלוב? מיטאמאָל איז אים געקומען אויפן געדאַנק דער פּאַרטיי־סעק־רעטאַר גאַנטשאַראָווסקי. ער האָט זיך געפילט שולדיק, וואָס ער האָט אים נעכטן נישט דערציילט וועגן אלץ. ער זעט פאַר זיך זיינע וואַרעמע אויגן. אזא מענטש וועט גלייך פאַרשטיין אין וואָס דאָ גייט. ער וועט בעסער וויסן, וואָס מע דאַרף טאָן...

ער האָט א דעצידירטער אָנגעהויבן פאַרשנעלערן די טריט.

אין צימער פון פאַרטיי־קאָמיטעט זענען געווען עטלעכע מענטשן. ישכר איז דאָ צום ערשטן מאָל. דורך די אָפענע פענצטער איז אריין א שוואַרצער שטויב. דאָך איז דאָ געווען א העלע ליכטיקייט. קיינער האָט ווי נישט באַמערקט ישכרס אריינקומען. בלויז דער סעקרעטאַר גאַנטשאַראָווסקי האָט צו אים געגעבן א פריינדלעכן שאָקל מיטן קאָפּ. ס'האָט געדויערט א שטיקל צייט ביז ער האָט מיט אַלעמען זיך צונויפ־גערעדט. דאַן, בלייבנדיק אין צווייען, האָט ער זיך געוואַנדן צו ישכרן:

— וואָס וועט איר דערציילן נייעס, טורקאָ?

ער האָט באַמערקט די נערוועזקייט אויף ישכרס פּנים און ווידער געפרעגט:

— אוודאי שוועריקייטן אין דער אַרבעט? איר זענט, דוכט זיך, מיט ראַנטשעקן?

— יאָ. אָבער מיט אונדז אַרבעטן אויך קשיווי און וולאַדעק — טורקאָ האָט נישט געוווסט ווי אזוי אָנצוהייבן דערציילן וועגן דעם אונ־טערגעהערטן געשפּרעך. די אַלע ווערטער, וואָס ער האָט זיך פריער צוגעגרייט, זענען ערגעץ אויסגערונען.

— קשיווי און וולאַדעק... נו וואָס, זיי טשעפּען זיך צו דיר? און דו רעכנסט זיך מיט זיי? — האָט גאַנטשאַראָווסקי, אַפּזיפּצנדיק צוליב עפּעס, געזאָגט צו אים מיט א וואַרעם קול, פון וועלכן ישכר האָט זיך גלייך דערפילט פרייער און אָנגעהויבן דערציילן אַלץ, וואָס ער האָט נעכטן געהערט און געזען. אפילו דאָס, אַז ער איז א גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. ער האָט נאָך נעכטן אים געוואָלט דערציילן: אים האָט זיך גע־

דאַכט, אַז מע דאַרף מער באַווייזן, איז ער זיי נאָכגעגאַנגען, געזען ווי זיי זענען אריין צום אינזשיניער סילוויא. מע קאָן נישט וויסן, נאָר...

א מינוט האָט געדויערט א שווער שווייגן. דער סעקרעטאַר האָט שטאַר געקוקט אין איין פונקט.

בישלעכווייז האָט זיין פנים אויפגעפלאַמט מיט א בלייכער רויטקייט, און די העל־גרויע אויגן זיינע, פּארקוקטע צום פענצטער, האָבן זיך לע־בעדיק צעגלאַנצט.

— ס׳איז קלאָר, זיי זענען שונאים. מ י ר וועלן זיך מיט זיי נישט דערהרגענען... לאָמיר עס איבערלאָזן פאר די, וועלכע זענען באַרופן דערצו. זיי וועלן שוין געפינען באַווייזן... וואָס ווילן זיי פון אונדזערע קוילנ־גרובן? עך, שלאַנגען אַזעלכע!... צי זעען זיי דען נישט, ווי דאָס לעבן ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ שענער? וואָס פעלט זיי דאָ ביי אונדז?! שיכורים פאַרשאָלטענע!

ער האָט פאַרדרייכערט א פּאַפּיראָס און, אַרויסלאָזנדיק דעם רויך, פאָרגעזעצט נאָך שטילער:

— דו, פאַרשטייסטו מיך, ביסט נאָך יונג. א קוילנגרעבער ביסטו געוואָרן אין ראַטנפאַרבאַנד. ווייסטו נישט, ווי אַזוי מיר האָבן געלעבט אין די אַמאָליקע קוילנגרובנס. וואָס פאַר א קאַטאָרגע די אַרבעט איז דאָ געווען. ס׳איז דאָך געווען אַן אמתע קללה צו זיין א קוילנגרעבער. יעדן טאָג — קאַטאַסטראָפעס, גאַז, פאַרשיטן. ווען עמען איז אַנגעגאַנגען אונ־דזער לעבן. דאָ זענען מענטשן צעקוועטשט געוואָרן, און אינדערהייך האָבן די דירעקטאָרן געשפּילט אין קאָרטן... היינט גיט אונדזער מלוכה אַזעלכע אַזויפיל געלט און מי צו פאַרזיכערן דאָס לעבן פון מענטש. זאָג אַליין, וואָס פאַר א גאָלדענע באַדינגונגען פון אַרבעט מיר האָבן, און זיי... עך...

ביים אַוועקגיין האָט דער סעקרעטאַר געדריקט ישכרס האַנט און שמייכלענדיק אים געקוקט אין פנים אריין:

— וואַכזאַמקייט, ברודערקע! אָ, ביי אונדזער אַרבעט איז דאָס א וויכטיקע זאַך. ס׳איז דאָך נאָך אַלץ ווי אויפן פראָנט. א גוטער קוילנ־גרעבער איז ווי א גוטער זעלנער. דער שונא קאָן אָנקומען פון דער זייט, פון הינטן, נו, און פון אינעווייניק...

ישכרן האָט זיך זייער געוואָלט עפּעס זאָגן, עפּעס גאָר באַזונ־דערס, ס׳האָט אים אויש ביים האַרצן פאַרקלעמט פונעם דאַזיקן פאַר־לאַנג. דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָט מיט אים גערעדט ווי מיט זיינס גלייכן. אָבער ער אַליין, ביי אים האָט זיך עפּעס פאַרהאַקט. ער איז דאָך נישט קיין פּאַרטיי־מיטגליד. כאָטש ער וועל עס זיין.

— וואָס קוקט איר אזוי? — האָט גאָנטשאַראָווסקי שמייכלענדיק געפרעגט.

— אַנטשולדיקט מיר...

— פאַרוואָס?

— כ'האָב אייך צוגענומען אזויפיל צייט...

— איר האָט אָפּגעראַטעוועט אזויפיל צייט, און דער עיקר — מענטשן, דעם קוילנגרובן—האָט גאָנטשאַראָווסקי א געריררטער געזאָגט— עך, א מאָדנער מענטש זייט איר. יאָ, ווארט נאָר. כ'האָב אייך פארגעסן צו זאָגן: איר דארפט זיין מער אקטיוו געזעלשאַפטלעך. פון אייך וואָלט געווען א גוטער אגיטאַטאָר... נו, מיר וועלן נאָך רעדן וועגן דעם.

אויפן הויף איז ישכרן מיטאמאָל לייכטער און פרייער געוואָרן. ער האָט איצט קלאָר געוווסט, וואָס ער האָט צו טאָן. אוודאי, אים פעלט נאָך א סך, כדי צו ווערן א מיטגליד פון דער פאַרטיי. ער מוז נאָך מיט זיין ארבעט, מיט זיין געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט באַווייזן, אז ער איז ווערט דעם צוטרוי, וואָס עס דאַרף האָבן א פאַרטיי-מיטגליד.

יענעם טאָג האָט ער דערפילט, ווי נייע כוחות זענען אים ביי דער ארבעט צוגעקומען. אין הארצן האָט עפּעס ווי כסדר געזונגען — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין א קורצער צייט ארום איז אדאנק טורקאָס וואכזאמקייט אויפגעדעקט געוואָרן א פּרווו אויפצורייסן דעם גרובן. וולאַדעק, וועלכער איז אין דעם ענין געווען פארמישט צוזאמען מיט איינעם פון די אינזשעניערן, האָט באַוויזן צו אַנטלויפן איבער דער גרענעץ. די ארבעט אין קוילנגרובן האָט אָנגעהויבן צו גיין בעסער. ישכר טורקאָ איז באַשטימט געוואָרן אלס עלטערער קוילנגרעבער.

# XIII

פארן ארייננגיין אין שטוב האָט ישכר טורקאָ זיך פאַרהאַלטן אויף א רגע אין קאָרידאָר, ווו ער האָט אויסגעטאָן דאָס היטל, די מאַרינאַרקע און אויפגעהאָנגען זיי אויף דעם ברוין-לאַקירטן הענגער. ער איז נאָך געבליבן שטיין ביים שפּיגל און צוגעקעמט זיך די געדיכטע, שווארצע טשופּרינע. ער האָט א שמייכל געטאָן צום אייגענעם פנים און מיט די הענט געמאַכט עטלעכע גימנאַסטישע באַוועגונגען.

איטקע, וועלכע האָט אים נאָך באַמערקט דורכן פענצטער, האָט שנעל גענומען גרייטן צום טיש. דער קליינער יאַט האָט שוין פון זיך געלאָזט הערן מיט א געוויין, וואָס איז באלד איינגעשטילט געוואָרן.

ישכר האָט אים גענומען אויף די הענט און אַרומגעהאַצקעט איבערן שטוב. אויף דער פּאָדלאָגע האָט זיך געוואַלגערט א בערעלע אָן אויערן, מיט אן אויסגעשטאָכן אויג, א הילצערן פערדל איז געשטאַנען אויף דריי פיס מיט א פּאַרריסענעם קאָפּ. דאָס קינדישע געלעכטער האָט הויך גע־קלונגען מיט א מיש־מאַש פון אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

אין דער טיר איז געבליבן שטיין איטקע, א פאַררויטלטע ביז די אויערן.

— ס׳מיטאָג איז גרייט. קום עסן.

זיי זענען אריין אין עס־צימער. ישכר כאַפּט א בליק אין אירע גלאַנ־ציקע אויגן, פילט די וואַרעמקייט, וואָס גייט פון זיי און דרינגט אריין טיף אין האַרצן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, הוידלענדיק דאָס קינד אויף דער קני.

דאָ, אין דער נייער דירה, איז ליכטיק און פריילעך, אינגאַנצן אַנ־דערש ווי אין דער פריערדיקער, וואָס זיי האָבן באַקומען ביים אָנקומען אין נאָווא־רודאָ. יענע דירה איז געווען ענג, אָן זון. זיי וואָלטן דאָרטן געזעסן נאָך ביז היינט, ווען נישט פּייוול וויינער, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיי געקומען קיין נאָווא־רודאָ, כדי צו גיין אַרבעטן אין קוילנגרובן אַזוי ווי די אַנדערע חברים פון קאַראַגאַנדאַ, פון קוזבאַס. אַרויס־געקומען איז אָבער אַזוי, אַז וויינער איז אויסגעקליבן געוואָרן אָנצופירן מיט דער יידישער יוגנט, זי אָרגאַניזירן, איינאָרדענען אויף אַרבעט און אַריינפירן אין אַ נייעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. שפּעטער איז פּייוול ווײַ־נער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פונעם יידישן קאָמיטעט. די קוילנגרעבער האָבן אָבער נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף אים ווי אויף איינעם פון זייערע. אפילו די פּוילישע קוילנגרעבער האָבן געוווּסט פון וויינערס שלאָגלערישע אויפטוען אין די קאַראַגאַנדער קוילנגרובן. ווײַ־נער פלעגט אָפט אַראָפּקומען אונטן, זיך אינטערעסירן מיט דער אַרבעט. טורקאָ האָט ביי יעדער אַזאַ געלעגנהייט געכאַפּט מיט אים אַ שמועס וועגן דעם, וואָס מען דאַרף דאָ נאָך אַלץ טאָן, כדי צו דערגרייכן צו אַזאַ לאַגע, ווי אין די קאַראַגאַנדער גרובנס.

וויינערס באַוועגלעכע אויגן פלעגן ליכטיק דורכדרינגען די טונקלקייט און אַרומנעמען אַלץ — די פּיליאַרן, די ווענט, די וועגעלעך און דעם גאַנצן אופן פון אַרבעט.

— צו וואָס שטופּסטו אַזוי טיף דעם האַמער? — האָט ער זיך גע־וואָנדן צו א יונגן קוילנגרעבער — ליכט קלאַפּט מען, אין סאַמע עק... ווילאַנג אַרבעטסטו שוין אין גרובן?

— ערשט עטלעכע חדשים — האָט זיך יענער פאַרענטפערט — דאָ האָב איך זיך אויסגעלערנט, ביי טשעבוצקין, ביי טורקאַן.

ווייגער האָט גענומען ביי אים דעם פּנעומאַטישן האַמער, באַטראַכט אים ביים שיין פונעם לעמפּל, וואָס איז געהאַנגען אויף דעם איבערשטן קנאָפּ פון זיין בלוזע און מיט פאַרדרוס געשאָקלט דעם קאָפּ:

— עך, ברודערקע, שלעכט האָט מען דיך געלערנט. א גוטער קוילנגרעבער זשאַלעוועט נישט אביסל אייל פאַרן האַמער...

און גלייך האָט ער זיך איבערגעגעבן מיטן האַמער איבער דער וואַנט און געוויזן, ווי אַזוי מע דאַרף אַרבעטן.

ווען ווײַנער איז אַוועק, האָט דער יונגער קוילנגרעבער געפרעגט ביי די חברים:

— ס'מוז זיין עפּעס אַן אינזשיניער, האַ?

די עלטערע קוילנגרעבער האָבן זיך צעלאַכט און דערציילט וועגן ווײַנערס וועג צום קוילנגרוב, וועגן זיין הייגטיקער אַרבעט.

— אַהער קומט ער, ווייל ס'בענקט זיך אים. אוי ווילט זיך אים בלייבן מיט אונדז אַרבעטן! ער וואָלט צוריק געקומען, האַ, ווי מיינסטו?

ווען ווײַנער איז געקומען צו טורקאַן אין זיין אַמאָליקער ענגער דירה, האָט ער אים שטרענג געפרעגט:

— האָסט זיך גאָרנישט געסטאַרעט וועגן א בעסערע דירה?

— און די איז א שלעכטע? וואָס פעלט איר?

ווײַנער האָט בייזלעך געענטפערט:

— שלאַגלער פון קוילנגרובנס ווינען ביי אונדז אין בעסערע דירות. מע דאַרף נישט זיין פויל און סטאַרען זיך. וואָס האָסטו געמיינט, איך וועל פאַר דיר זיך סטאַרען?...

אוודאי אַזוי... פּיזול ווײַנער איז טאַקע אַוועק אין נאַציאָנאַל-ראַט, נו ער איז געווען ראַטמאַן. דאָרט האָט ער אויסגעפועלט, אַז שוין אין א וואָך אַרום זאָל ישכר באַקומען א נייע, רחבותדיקע דירה, מיט די מאָדערנסטע באַקוועמלעכקייטן.

דאָ האָבן זיך ערשט אָנגעזען די שיינע מעבל, די פּיאַנינאָ — יעדער זאַך האָט באַקומען איר אָרט.

אין דער פרייער צייט פלעגן אַהערקומען די קוילנגרעבער פון זיין בריגאַדע. מ'האָט פאַרזוכט איטקעס געבעקס, געדרוויכערט שטאַרקע פּאַפּיראָסן. עס זענען אַהערגעקומען גראָנעק, דער שטיגאַר ראָנטשקע. זיי זענען עלטער פון ישכרן און האָבן א סך צו דערציילן פון זייער אַרבעט פאַר דער מלחמה. גראָנעק איז א ברייטפּלייציקער, א שטאַרקער. דער כּוח, וואָס שלאָגט פון אים, איז א רואיקער, א האַרמאָנישער, ווי דער

אופן פון זיין רעדן און באַנעמען דאָס לעבן. ס'ווילט זיך פשוט נישט גלייבן, אַז דער דאָזיקער מענטש האָט אַ סך געהונגערט אין זיין לעבן, געהאַט אַן אומגליקלעכע קינדהייט און שווער זיך געמאַטערט ביי דער אַרבעט אין גרובן.

ציימנווייז דערפילט ישכר, ווי ער וואָלט זיך פאַרשעמט פאַר זיי, וואָס ער, אַ גרויסשטאַטישער, האָט אַזוי ווייניק געוווסט וועגן דעם לעבן פון די קוילנגרעבער, וועגן דעם קאַמף, וואָס זיי האָבן געפירט, וועגן די קוילנגרעבער־קאָמוניסטן, וואָס זענען העלדיש געפאַלן אין יאָר 1925— הייטשיק און פילאַרטשיק, וועלכע האָבן 7 שעה געקעמפט מיט אַ גרויסער אָפּטיילונג פּאָליציי און מיליטער. דער שונא האָט נישט געקאָנט בייקומען די יונגע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן זיך נישט געלאָזט נעמען קיין לעבעדיקע און זענען אומגעקומען פון די פּאָליציייִשע שטיקנדיקע גאַז־קוילן.

— דרייסטקייט, כוח, קאַמפּס־ווילן — האָט גראַנעק אַמאָל געזאָגט צו ישכרן — אָט דאָס פאַרמאָגן קוילנגרעבער. שאַרף, עקשנותדיק איז ביי אונדז געווען דער קאַמף. דערפאַר זענען דאָ בולטער די דערגרייכונגען פון אונדזערע גרובן־מענטשן.

גראַנעקס ווערטער האָבן ביי ישכרן געשטאַרקט די זיכערקייט, אַז אַ ריכטיקן וועג האָט ער אויסגעקליבן, און גיין וועט ער מיט אים דעם גאַנצן לעבן.

איטקע האָט געפילט די שטאַרקע, פריידיקע איבערלעבונגען פונעם מאַן, איר איז מער קיינמאָל שוין נישט איינגעפאַלן אים אָפּצורעדן פון דעם קוילנגרעבער־פאַך, וואָס פאַרשאַפט אויך איר בלויז כבוד. ווען עס קומט נאָך פאַר אַ פייערונג, צי אַ פאַרזאַמלונג אין יידישן קאָמיטעט, ווערט ישכר פאַרבעטן אין פּרעזידיום. זיין בילד איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אין דער צייטונג. גוטהערץ, פונעם לעדער־קאָאָפּעראַטיוו, וואָס באַקומט אָפּט צייטונגען פון אויסלאַנד, האָט אַלעמען געוויזן, ווי אין די אויסלענדישע צייטונגען שרייבט מען וועגן ישכר טורקאַ.

נאָכן עסן האָט ישכר זיך גענומען לייענען די צייטונג, וואָס ער באַקומט יעדן טאָג בייס אַהיימגיין פון דער אַרבעט. פּלוצלונג האָט זיך איטקע דערמאָנט אינעם בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פון לאָדזש, ווו עס וווינט ישכרס ברודער שעיה, און זייערס אַ ווייטער קוזין, וואָס האָט זיך אָפּגעפונען. דער בריוו איז טאַקע פון דעם קוזין. ער שרייבט שוין צום צווייטן מאָל, אַז ער איז גרייט אים צוהעלפן מיט געלט, אַבי ער זאָל אויפהערן צו אַרבעטן אינעם קוילנגרובן. „...מיר זענען אַזוי ווייניק געבליבן — שרייבט ער אינעם לעצטן בריוו — פאַרוואָס זאָלסטו יעדן טאָג דאַרפן

איינשטעלן דאָס לעבן, ארבעטן אזוי טיף אונטער דר׳ערד, ווו עס לויערן אזויפיל סכנות. ס׳איז נישט פאַר דיר...״

די לעצטע ווערטער האָבן ישכרן באַזונדערס אויפגערעגט, ער האָט זיך גלייך געמוסטן שרייבן אַן ענטפער. „כ׳בין שטאָלץ פון מיין נייעם פאַך — האָט ער געשריבן — צי ווייסטו עס פארשטיין?...״ — האָט אים טורקאַ באַצאָלט מיט א שטאָך.

אין דער טיר האָט עמעץ אָנגעקלונגען. ס׳איז אריינגעקומען ראַנטשקע, דער שטיגאַר פון דער אָפטיילונג, ווו ישכר ארבעט. ישכרס יינגעלע איז אים אַנטקעגן געלאָפן. ס׳ווייסט דאָס יאַטעלע, אז באלד וועלן זיין צוקערלעך. שטאַרק צוגעלאָזן איז ער צו ראַנטשקען, וועלכער פארריכט אים דאָס פערדל, דערציילט אים מעשהלעך פאַרן שלאָפן גיין.

ראַנטשקעס זאַפּטיקע, לעבנסלוסטיקע שטים האָט באַלד אָנגעפילט די גאַנצע שטוב.

— נו, וואָס זאָגסטו צו דעם? א הייסער טאָג געווען הייַנט אין דעם נייעם קאָרידאָר... נו, מען מוז דאָך אמאָל א טראַכט טאָן וועגן פּלאַן. די מעכאַניזאַציע פארבעסערט זיך און מיטן פּלאַן איז גאָרנישט פויגלדיק...

ישכר האָט אוועקגעלייגט די פעדער, צוגערוקט דאָס בענקל צום פענצטער. אין זיינע אויגן האָט נאָך געטליעט דאָס להכעיסדיקע פלעמל.

— מעכאַניזאַציע איז טאָקע צוגעקומען, אָבער דער פּלאַן איז אויך גרעסער געוואָרן מיט א הונדערט טאָן. אמת איז, אז די ארבעט גייט א ביסל צו פּאַוואָליע, ווי געווײנלעך נאָך „שטורעם-טעג״...

אין דעם קוילנגרוב האָט זיך אלץ אָפטער איבערגעחזרט דער שטורעמווען-סיסטעם. באַזונדערס ביים סוף פון דער דעקאַדע, ווען מע האָט געדאַרפט „צוציען״ דעם פּלאַן. נאָך אַזעלכע „שטורעמס״ האָט זיך די ארבעט געשלעפּט ווי פריער.

טורקאַ און אנדערע, וואָס האָבן געאַרבעט אין די סאָוויעטישע קוילנגרובן, האָבן צווישן זיך געטענהט:

— ארבעטן, ארבעט מען ווי די רוחות, נאָר קיין טאָלק איז נישטאָ. כ׳ע וואָלט געדאַרפט אנדערש אָרגאַניזירן. אָט ווען מע קאָן אזוי איבערגיין צום ציקל-סיסטעם.

ס׳האָט אָבער געפעלט ווער ס׳זאָל מאַכן דעם ערשטן טראָט.

ראַנטשקען איז עס דווקא יאָ געפעלן. ער האָט שוין אפילו וועגן דעם גערעדט מיטן אינזשיניער. אָבער יענער האָט אים אָפּגעפּטרט מיט א גלייכגילטיקן ענטפער:

— נישטאָ ביי אונדז קיין מעגלעכקייטן פאַר אזא סיסטעם... מע

מוז קודם אָרגאַניזירן דעם טראַנספּאָרט, פּאַראַן נאָך צו ווייניק קוילנ־האַקער מיט הויכע קוואַליפיקאַציעס.

ראַנטשקען איז דער אינזשיניער מיט זיין פלעגמאַטישן אופן פון אַרבעטן, פון רעדן, נישט געווען צום האַרצן. ער וואָלט די זאַך געשטעלט אויף א פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, אָבער אים איז נאָך אליין נישט קלאָר, ווי אַזוי מען אָרגאַניזירט עס, און סתּם רעדן האָט קיין זין נישט. ווען ער קאָן אליין אויסאַרבעטן א האַרמאָנאַגראַם, באַאַרבעטן די באַזונדערע באַשטאַנדטיילן פונעם דאָזיקן סיסטעם און נישט דאַרפן אָנקומען צום אינזשיניער — די אַרבעט וואָלט דאַן אינגאַנצן אַנדערש געגאַנגען. אָבער צו דעם דאַרף מען זיך אַוועקזעצן לערנען...

און ווען ישׂכר טורקאָ האָט ווידער גענומען אויסלייגן זיינע האַלבּ־במושטשע פּראָיעקטן, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די אַרבעט, זי זאָל גיין שנעלער, האָט ביי ראַנטשקען מיטאַמאָל אויפגעלויכטן א געדאַנק.

— הער זיך צו, טורקאָ. צום נייעם לערן־יאָר וועלן פון אונדז עטלעכע יונגע מענטשן פאָרן לערנען אין טעכניקום. פאַרוואָס זאָל אַזאַ יונג ווי דו נישט צולערנען זיך אַביסל, אַ? פון דיר קאָן אויסוואַקסן א שטיגער!

— איך, א שטיגער? — האָט ישׂכר הויך זיך צעלאַכט — כ׳בין דאָך נאָך גאָר א יונגער קוילנגרעבער.

טאַקע דערפאַר, ווייל דו ביסט יונג. האָסט אַלע מעגלעכקייטן זיך צו לערנען. דיין ווייב וועט דאָ אָפּנעמען דעם פולן פאַרדינסט, און דו וועסט נאָך א יאָר לערנען צוריקקומען א שטיגער. אָ, דאַן וועסטו צוהעלפן א וועקשטעלן די אַרבעט אַזוי, ווי ס׳געהער צו זיין.

דער שמייכל איז אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון ישׂכרס פּנים. א פאַרטראַכטער אין זיך האָט ער שטיל געענטפערט:

— צוהעלפן אַוועקשטעלן די אַרבעט? זאָל איך גיין לערנען? גוט, אייב מע וועט מיך שיקן — וועל איך פאָרן!

## XIV

שווער איז ישׂכרן געווען דער אָנהייב אין ביטאַמער באַרג־טעכניקום. נאָך די לעקציעס וועגן דער געשיכטע און אַנטוויקלונג פון באַרג־וועזן אין פוילן, איז מען גלייך אַריבערגעגאַנגען צו געאָלאָגיע, צו דער קלאַסיפיקאַציע פון אַלערליי גרובנס, סאָרטן קוילן, פּראָצעסן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דער פּראָדוקציע פון קוילן, צו די געזעצן פון בויען קאָרידאָרן, פּאַראַלעלן, שטרעקעס און ווינדעס. די געאָמעטרישע

אויסרעכענונגען האָבן דעמלט ישכרן אויסגעזען צו זיין אומדערגרייכבאַר פאַר זיין פאַרשטאַנד. צום ערשטן מאָל האָט ישכר מיט דער גאַנצער שאַרפקייט דערפילט די עוולה, וואָס איז אים אָפּגעטאָן געוואָרן אין זיינע קינדער־יאָרן, ווען ער איז אַזוי פרי אָפּגענומען געוואָרן פון דער 7־קלאַסיקער שול און מ׳האָט אים געשיקט פאַרדינען אויף ברויט.

דאָס דאָזיקע געפיל פון באַעוולהטקייט האָט אים אָפּט געפּייניקט אין צייטנווייז דערפירט צו איינזאַמקייט. ער איז געוואָרן שטילער, איינגעשלאָסענער אין זיך. אָפּזיצנדיק שעהן ביי די אויפגאַבעס, האָט ער זיך געשעמט צו בעטן עמעצנס הילף. די אייגענע הילפלאָזיקייט האָט וויי געטאָן ביז טרערן.

א צעוויטיקטער איז ער איינמאָל אַראָפּ אין גאַס, וואָס איז געלעגן אין גרויען אָונט־נעפּל. די לאַמטערנעס האָבן געהאַט גרויסע, געלע ראַנדן, די שוי־פענצטער האָבן אויסגעזען ווי סודותדיקע פייערן. נעבן זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַרלעך. א סך זענען געווען אין קוילנגרעבער־מונדירן מיט אָפּצייכענונגען. זיי האָבן געהאַט צופרידענע פּנימער. טורקאָ האָט געטראַכט, אז ער וואָלט איצט אויך אַזוי שפּאַצירט אין נאָווע־רודאָ. פאַרוואָס האָט ער זיך אונטערגענומען אזא שווערע אַרבעט? איצט לערנען זיך — דאָס איז איבער זיינע כוחות...

א דערהדריקטער האָט ער זיך לאַנג געשלעפּט איבער די גאַסן. איתעם שיטערן נעפּל האָבן זיך געיאָגט אויטאָס, טראַמוויין. דורכן גאַסן־גערויש איז קוים צו אים דערגאַנגען דער שטילער רוף:

— טורקאָ!

ער קוקט זיך אום, נעבן אים שטייט די לערערין פון ביאָלאָגיע, די פרוי רעלעווסקאָ.

— איר שפּאַצירט אַזוי אַליין, אין אַזאַ וועטער — האָט זי צאַרט־מיטפילנדיק זיך אָפּגערופן.

אין טורקאָן איז דאָס האַרץ נאָך אַלץ געווען איינגעקורטשעט. ער ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן. אין האַלדז איז טרוקן, און די צונג דרייט זיך שווער.

— אָט שפּאַציר איך אַביסל... דער קאָפּ טוט וויי.

זיי זענען געגאַנגען צוזאַמען. זי האָט א מינוט געשוויגן און נאָכדעם זיך אָפּגערופן:

— כ׳האָב באַמערקט, אַז איר גייט אַרום אַן אומעטיקער. איר מאַכט נישט די אויפגאַבן. אייך, דאַכט זיך, ליגט עפּעס אויפן האַרץ. צי וואָלט איר מיר נישט געקאָנט זאָגן, וואָס עס איז אייך? אפשר וואָלטן מיר אייך געקאָנט העלפן.

סיי פון אירע ווערטער, סיי פון דעם מיטפילנדיקן, מוטערלעכן טאָן איז געווען קאָנטיק, אַז זי רעדט נישט סתם אַזוי זיך, פון העפלעכקייט וועגן. ביי ישכרן האָט זיך מיטאַמאָל די צונג אויפגעבונדן, און ער האָט איר דערציילט וועגן זיין מאַטערניש מיט די לעקציעס, אַז זיי זענען צו שווער פאַר אים. ער וואָלט שוין וואָס גיכער געוואָלט אַהיים, צוריק אין קוילנגרובן און רואיק אַרבעטן. ער וועט זיך שוין דאָ גאָרנישט אויכלערנען. ס'איז נאָר אַ האַרץ־קלעמעניש. זי האָט אים אויסגעהערט שווייגנדיק, ווי זי וואָלט גלייכגילטיק געוואָרן צו דעם אַלעמען, וואָס ער זאָגט איר. ישכרן איז איצט אַלציינס געווען, וואָס זי וועט אים זאָגן. דער געדאַנק וועגן אַהיים פאָרן איז שוין געווען ביי אים אַן אַנטשלאָסענער.

— איר טראַכט זייער שלעכט, טורקאָ, — האָט זי מיט גאָר אַן אַנדער, מיט אַ דעצידירטער שטימע געזאָגט. — אַזעלכע רייד פאַסן גאָרנישט פאַר קיין שלאָגלער. ווו איז אייער קוילנגרעבערישע געוואַגטקייט? אין קוילנגרובן גייט עס אייך אַזוי גרינגג? ווי קומט עס צו אייך? ס'איז ערשט דער אָנהייב, און איר האָט זיך שוין דערשראָקן. איך פאַרזיכער אייך — ווייטער וועט זיין נאָך שווערער, און איר וועט עס בייקומען... מאָרגן, נאָך דער לעקציע, קומט אַריין אין לערער־צימער. די שווערערע אויפגאַבעס וועלן מיר מאַכן צוזאַמען.

ישכר האָט אַ צעטומלטער געקוקט אויף איר פּנים, וואָס האָט אויסגעדריקט די שטרענגקייט פון אַ לערערין און די ווייכקייט פון אַ מאַמען. זיין איינזאַמקייט איז אינגאַנצן פאַרשוונדן. די טראַמווייען קלינגען, און אַלץ אַרום איז וואַרעם און היימיש.

זי האָט זיך מיט אים געזעגנט. ער איז צוריקגעגאַנגען אין אינטערנאַט. אָבער ווי אַ גרויסע, פאַרביקע פאָן האָט אין אים געפלאַטערט די פרייד. ס'איז געווען אין אים די זיכערקייט, אַז ס'וועט זיין גוט, ער וועט אַלץ בייקומען. די חברים אין אינטערנאַט האָבן אין אים דערקענט אַלע סימנים פון אַ פריידיקער באַגעגעניש. אַנטעק נאַטשעווסקי האָט אים גוטברודעריש געקלאַפּט איבער די פּלייצעס:

— אַבי כ'האָב געמיינט, אַז פון געבוירן אַן האָסטו שוין אַזאַ זויערע נשמה. אַז דו לאַכסט, ביכטו דאָך גאָר אַן אַנדערער. מאָרגן גייען מיר צוזאַמען אין קלוב. די קוילנגרעבער פון „פּרעזידענט" גיבן אַ קאָנצערט. דו גייסט מיט אונדז, טורקאָ?

ישכרס לעבן אין טעכניקום איז געוואָרן פריילעכער. נאָך די ערשטע אויפגאַבן, וואָס די פרוי רעלעווסקאַ האָט מיט אים געמאַכט, האָט עס אָנגעהויבן גיין גרינגער. ער האָט מיט פרייד באַמערקט, אַז דער קאָפּ איז ביי אים גאָרנישט אַזאַ פאַרשטאָפּטער. ער האָט שוין אַליין געקאָנט צו־

העלפן אנדערע מאכן די אויפגאבן און זיך נישט געשעמט צו פרעגן דעמלט, ווען אים איז געווען עפעס נישט פארשטענדלעך.

ישכר טורקא האט גענומען אפגעבן מער צייט דער געזעלשאפטלעכער ארבעט. ער איז אויסגעוויילט געווארן אלס מיטגליד פון דער קולטורקאמיסיע פון טעכניקום.

ס'איז געפאלן א באשלוס: טורקא דארף געבן א רעפעראט וועגן זיין ארבעט אין די קוילנגרובן פון קאראגאנדא, וועגן די דארטיקע ארבעטסמעטאדן.

ישכר האט זיך געווערט קעגן דעם מיט אלע כוחות.

— כ'ווייס נישט ווי אזוי מע מאכט עס. רעדן קאן איך נישט. כ'האב נאך קיינמאל אין מיין לעבן נישט געהאלטן קיין רעפעראט.

— דו וועסט נישט האלטן קיין רעפעראט — האט אים בארואיקט דער פארזיצער פון דער קאמיסיע, אפארעק. — דו וועסט פשוט דערציילן, ווי אזוי דו האסט דארט געארבעט, פארוואס דו האסט באקומען די אויסצייכענונג. דאס איז דאך זייער אינטערעסאנט.

— באמת, כ'ווייס נישט ווי אזוי... — האט ישכר פארצווייפלט געפרוווט זיך קעגנשטעלן.

א יונגער קורסאנט האט זיך צו אים צוגערוקט.

— וואס רעדסטו, טורקא? דא זענען דאך אלע בלויז אונדזערע, וואס האסטו מורא צו האבן?

צו ישכר טורקאס רעפעראט זענען געקומען אריבער הונדערט קורסאנטן און די לערער. ס'איז אויך געקומען די לערערין רעלעווסקא. זי איז געזעסן אין איינע פון די פאדערשטע רייען. טורקא האט געפילט זיין אייגענע רויטקייט איבער די אויערן. ער האט זיך אנגענומען מיט הארץ.

אין אנהייב האט זיך די צונג ביי אים געפלאנטערט, קוים זיך באוועגט. ער האט מיט מי געזוכט די פאסיקע ווערטער, וואס זאלן איבערגעבן זיינע ערשטע טעג אין קאראגאנדא. באלד איז פאר אים ווי לעבעדיק אויפגעקומען דער שמועס מיט ראזשמאנאוו. ער האט גענומען רעדן האסטיק, מיט באגייסטערונג וועגן דער באציונג פונעם סאוויעטישן מענטש צו ארבעט, ווי אזוי מע פלאנירט, ווי אזוי מען איז דארט ארגאניזירט. די קורסאנטן האבן אים געהערט זשעדנע, מיט אויסגעצויגענע קעפ.

ווען ער האט געענדיקט האבן די לערער, ווי די קורסאנטן אים היים אפלאדירט.

— האסט גוט גערעדט, טורקא — האט אים נאטשעווסקי געזאגט — האסט אלץ ארויסגעלייגט אזוי, ווי אויף דער דלאניע.

פרוי רעלעװוסקאס קלוגע אויגן האָבן געשײַנט מיט איר ליבן שמייכל:

— נו, איר זעט, אַט האָט איר געהאַלטן אַ רעפעראַט און ס'איז גאָר־נישט אַזוי שרעקלעך. איר געדענקט, איר האָט געוואָלט צוריק אַהיים־פאָרן?

טורקאָ האָט זיך פאַרריכט די צעפּאַטלטע האָר און מיט שטילן שמאָלץ געזאָגט:

— ווירקלעך, ס'איז גאָרנישט אַזוי שווער, ווי איך האָב געמיינט.

ער האָט מיטאַמאָל דערפילט דעם צופלוס פון פרייד, וואָס האָט אים אַזש פאַרכאַפּט דעם אָטעם, און שטיל צוגעגעבן:

— איך האָב איך אַ סך צו פאַרדאַנקען... כ'וועל עס נישט פאַרגעבן...

# XV

ווען ישכר טורקאָ איז צוריקגעקומען קיין נאָוואָ־רודאָ האָט ער אין קוילנגרובן „פּיאַסט" געטראָפן אַ סך ענדערונגען. ס'זענען צוגעקומען נייע קוילנגרעבער. דער שטיגער ראַנטשקאָ און די אַלטע קוילנהעקער האָבן זיך מיט אים שטאַרק דערפרייט. בלויז דער אינזשעניער ציבעלסקי האָט געהאַט אַ זויער פּנים.

— כ'צווייפל — האָט ער געזאָגט — צו איר וועט אַזוי שנעל זיך אַן עצה געבן. אָנפירן מיט אַן אָפּטיילונג דאַרף מען קענען. ס'איז אַ גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט. איר זייט נאָך צו יונג און דערצו אַ היציקער...

גראַנעק, ווען ער האָט זיך דערפון דערוווּסט, האָט פילזאָגנדיק זיך איבערגעוווּנקען מיט זיינע אַרבעטס־חברים.

— שוין דאָס אַליין, וואָס ער געפעלט נישט ציבעלסקין, איז אַ סימן, אַז ער וועט זיין אַ גוטער שטיגער, אַן אונדזעריקער... זאָל נאָר ציבעלסקי אים פּרוּוון שטערן. צו קורץ די הענט! פאַראַן ביי אונדז אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע.

שפּעטער, ווען דער שטיגער טורקאָ האָט שוין געהאַט איבערגענומען די אָפּטיילונג, האָט אים ציבעלסקי נאָך אַלץ אַרויסגעוויזן זיין אומווילן: ווען ישכר האָט טעלעפאָנירט צום אינזשעניער, צי אַליין זיך געמאָלדן אין זיין קאַבינעט, האָט ער אים לאַנג געלאָזט וואַרטן. טורקאָן האָט געגרייצט אין די אויערן דער שטענדיקער קאַלירלאָזער ענטפער פון דער געדיכטער באַפּודערטער סעקרעטאַרין: „באַלד וועל איך פרעגן צי דער פּאַן אינזשעניער איז פריי". צוריקגעקומען איז זי שטענדיק מיט דעם זעלבן: „דער

פאן אינזשיניער האט געהייסן צוווארטן א מינוט צוואנציק". אחער: „אפשר וועט איר קומען מארגן".

טורקא איז ארויסגעגאנגען, צוקלאפנדיק די טיר.

ער האט מיט דער גאנצער ענערגיע זיך גענומען ארגאניזירן די אפ־טיילונג. „עס קאן נישט זיין, אז מיר זאלן נישט אויספירן דעם פלאן — האט ער געזאגט צו זיינע מענטשן — ס'ווענדט זיך נאר אין אונדז, און מיר קאנען אפילו באווייזן אים איבערצושטייגן".

זאגאחטי איז א געקומענער פון פראנקרייך. דא האט מען אים גע־רופן „דער שווייגנדיקער בריגאדיר". ער האט זיך קיינמאל נישט גע־זידלט. אלע האבן געוווסט, אז ער איז שוין פינף און צוואנציק יאר א מיט־גליד פון דער פארטיי. ער האט שווייגנדיק באטראכט טורקאן און שטיל זיך אפגערופן:

— ווען אונדזער בריגאדע קאנסטו זיין פולשטענדיק רואיק. דו זע נאר, אז דער טראנספארט זאל קלאפן.

— טראנספארט וועט זיין — האט טורקא געזאגט מיט איבערצייגונג.

עמעץ האט זיך אפגערופן:

— אלע רעדט איר אזוי. פון אונדז יאגט איר ארויס דעם שוויס, און אליין צעדרייט איר די ארבעט.

— פארוואס רעדט איר אזוי? — טורקא האט פון ווייטיק שטארק צוגעדריקט די פינגער צום צוגעשפיליעטן לעמפל און, קוקנדיק אויף די בלוי־געווארענע נעגל, אנגעהויבן רואיקער צו רעדן: — דאס הייסט, אז איר האלט מיך פאר עפעס א בורזשויסקן באאמטן, וואס יאגט פונעם ארבעטער דעם שוויס, און אליין טוט ער כ'ווייס וואס? איר קענט מיך נישט, הא? כ'שפאציר זיך ארום און קוילנגרובן מיט פארלייגטע הענט? פאר וועמען איז דער פלאן? הא? ס'איז דאך אונדזער, דו הערסט — אונ־דזער פלאן! פאר וועמענס וועגן ארבעטן מיר? פארן קאפיטאליסט? פארן לאנד, פאר אונדזער לאנד! און מיט פאסיע, וואס קיינער האט ביז איצט ביי אים נישט געזען, האט ער אויסגעשריגן: — אט דא וועל איך פגרן, אויב מיר וועלן נישט אויספירן דעם פלאן!...

יענער פארשוין האט שוין איצט נישט געקאנט קוקן טורקאן גלייך אין די אויגן אריין, האט זיך אינגאנצן ווי איינגעהויקערט, בלויז גע־שמאמלט:

— ס'פעלן טראנספארטערן. אלע שרייען אזוי...

דער שווייגנדיקער זאגאחטי האט, גארנישט ווי זיין שטייגער, גענומען הויך רעדן:

— שווייג בעסער, דו... ער האט א שווערן שלונג געטאן — דו אלצ־

ווייסער. קיין צייטונג דאַרפסטו נישט אַבאָנירן, אָבער צו יעדער פּליאַטקע ביסטו דער ערשטער. און אויב עס הינקט אַמאָל דער טראַנספּאָרט, דאַרפן מיר קומען גלייך מיטן שטיגאַר. שוין צייט, אַז דיין קאָפּ זאָל עס באַנעמען. דו, איך, דער שטיגאַר, דער אינזשעניער, דער דירעקטאָר — מיר זענען דאָ נישט קיין באַזונדערע מענטשן. מיר זענען ווי איין מענטש... מיר אַרבעטן לויט אַ פּלאַן, אַ מלוכהשן פּלאַן, דו הערסט. פֿירסט אים נישט אויס — דאַרפסטו זיך אַליין שפּייען אין פּנים.

ס'האָבן זיך געהערט אויפגעלעבטע קולות:

— ריכטיק, האָסט רעכט...

—דעם פּלאַן דאַרף מען אויספֿירן.

ס'האָט פּאַסירט, אַז די אָפּטיילונג האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ שווערער וואַנט, דיקע פּעלזיקע איבערהויקסן און קנויטלעכע שיכטן. ביי אַ סך פֿאַלן אַראָפּ די הענט. סיי ווי סיי וועט אוממעגלעך זיין צו דעריאָגן דעם פּלאַן. ווען עס באַווייזט זיך ערגעץ אַ רייניקע, שוואַרצע, גלאַנציקע וואַנט, אַזוי ווי ס'וואָלט זי אויפגעדעקט זאַגורני מיט זיין אַגיטאַציע צווישן דער בריגאַדע, פֿעלן ווידער אויס וועגעלעך. די אָנגעשטשעטע קוילן בלייבן איבער. די צווייטע בריגאַדע פּרוּווט זיך צו פֿאַרלאָדעווען. טורקאַ איז שוין מיד פֿון קלינגען צו ציבעלסקין און וואַרטן, ביז די סעקרעטאַרין וועט צוריקקומען מיט איר קאָרידאָרן ענטפֿער: „דער פֿאַן אינזשעניער איז איצט זייער שטאַרק פֿאַרנומען".

— מ'קאָן דאָך משוגע ווערן פֿון אַזאַ באַציִונג — האָט ער זיך אַמאָל באַקלאָגט פֿאַר זאַגורנען.

— פֿאַל נישט אַראָפּ ביי זיך. די פּאַרטיי ווייסט וועגן אַלעם... דער פּאַרטיי־סעקרעטאַר האָט שוין געהייסן וועמען מע דאַרף. וועגעלעך וועלן זיין, אונדזער בריגאַדע וועט היינט איבערבלייבן אַביסל און מיר וועלן צוזאַמען פֿאַרלאָדעווען.

זאַגורנים קול האָט געקלונגען באַרויִקנדיק, זיכער. טורקאַן האָט עס אויס פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם, עפּעס האָט געזונגען אין אים: „די פּאַרטיי ווייסט וועגן אַלעם... עס וועלן זיין וועגעלעך... די פּאַרטיי..."

און זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן אָנוואַקסן אַ באַשלוס.

## XVI

שוין באַלד אַ חודש, ווי ישכר טורקאַ האָט אָנגעגעבן אַ דערקלערונג אָנגענומען צו ווערן אין דער פּאַרטיי. רעקאָמענדירט האָבן אים גראַנעק און ראַנעשקאַ. בעת זיי האָבן אונטערגעשריבן זייערע נעמען, איז ישכר

געשטאַנען אַן אויסגעשטרעקטער אין זיין גאַנצער הויך. זיין נערוועז פּנים איז דעמאָלט רואיק געווען — ס'איז יענע רואיקייט, וואָס נעמט זיך פונעם באַוואוסטזיין וועגן דערקענטן אמת, דעם ריינעם אמת. די טעג זענען ביי ישכרן געווען פול מיט דערוואַרטונג. שפּעטער, ווען ס'זענען דורך עטלעכע וואָכן און קיינער, נישט דער פּאַרטיי-סעקרעטאַר, נישט ראַנטשקאַ האָבן אים גאַרנישט דערמאָנט וועגן זיין ווענדונג, האָט ישכר אָנגעהויבן זיין געוויינלעכע באַרעדעוודיקייט. ער איז געוואָרן שווייגנדיקער, קאָנ-צענטרירטער אין זיך.

אַהיימקומענדיק אין די אָוונטן, פלעגט ער זיך נעמען צום לייענען. ער האָט געלייענט וויסנשאַפטלעכע ביכער און דערציילונגען. געלייענט גיריק, ווי ער וואָלט מיטאַמאָל זיך גענומען עפּעס אָנייאָגן. די ביבליאָטע-קאַרין פון דער שטאָטישער ביבליאָטעק פלעגט זיך וווּנדערן: „שוין? אַזוי שנעל האָט איר דורכגעלייענט? איר זייט אַ שטיגאַר?"

און אַנדער מאָל האָט זי אים געפרעגט, פאַרוואָס ער לייענט אַזוי ווייניק מאַרקסיסטישע ליטעראַטור. דאָס העלפט דאָך באַנעמען בעסער אַ ווערק, און דעם בלייבט מען ווי אָפּגעשטאַנען פון לעבן.

עס איז אים פלוצלונג שטאַרק אומרואיק געוואָרן אויפן האַרצן. „כ'וויל זיין אַ מיטגליד פון דער פּאַרטיי און איך האָב נאָך אַזוי ווייניק געלערנט".

בייטאָג איז דער אומרו פאַרשוווּנדן. די אַרבעט אין גרובן האָט אים אינגאַנצן פאַרכאַפּט. די מענטשן פון זיין אָפּטיילונג האָבן אים אַרויס-געוויזן דרך־ארץ. ער האָט געפילט די וויכטיקייט פון זיין אַרבעט.

ער האָט פּונקט געהאַלטן אינמיטן דורכקוקן דעם לעצטן געביט פון דער דריטער אָפּטיילונג. דאָס איז געווען דער שוואַכסטער אין דעם גאַנצן קוילנגרובן. דווקא פון אַ גוטן סאָרט זענען דאָ די קוילן, אָבער די אַרומיקע פעלזן שאַפן אַ געוואַלדיקן דרוק, וואָס זעצט אַרויס פון אויבן און פון די זייטן. חוץ דעם, איז אומעטום וואַסער, בלאָטע. יענע וואַנט נעמט צו אַזויפיל אַרבעט, ווי די גאַנצע אָפּטיילונג צוזאַמען.

— עפּעס געפעלט מיר דאָרט נישט, אין דעם נעכטיקן קאָרידאָר — איז צו טורקאָן צוגעגאַנגען אַן עלטערער קוילנגרעבער — אַ מאָדנע שפּיצ-קעכץ. ב'האָב מורא, אַז גאַז.

טורקאָ האָט אויפגעהויבן ס'לעמפּל, באַלויכטן יענעמס איינגעשמירט פּנים און דערזען: אין דער טיף פון זיינע גלאַנציק-טרויע אויגן איז געווען שרעק.

— וואָס האָסטו דאָרט געטאָן? מיר אַרבעטן דאָך נישט דאָרט — האָט אים ישכר שטרענג געפרעגט.

— כ'האָב געכטן פאַרגעסן מיין מאַרינאַרקע, האָב איך זי געוואָלט אָפּזוכן. אָבער זי איז, ווייזט אויס, פאַרשאָטן.

מורקאָ האָט אָנגעצונדן דעם בענזין־לאָמפּ און זיך געלאָזט גיין מיט דעם שמאָלן קאָרידאָר אויף צוריק. דער וועג האָט געפירט באַרג־אַרויף. ער איז געגאַנגען פאַרזיכטיק, קוקנדיק כסדר אויף דעם פלעמל, צי ס'נעמט זיך נישט לעשן. ענדלעך איז ער צוגעקומען צום ערשטן פּאַראַלעל. ער האָט הויך אויפגעהויבן דעם לאָמפּ, איינגעקוקט זיך אין דער טונקלקייט. ס'זעט שוין פון לאַנגע דעם אַנהייב פון יענעם אָרט. די שטעמפּלען שטייען. אַלץ זעט דאָרט אויס צו זיין אין אָרדענונג. בלויז די שטילקייט איז אַזאַ אומהיימלעכע. ער גיט נאָכאַמאָל אַ קוק אויף דעם בענזין־לאָמפּ. דאָס פלעמל ברענט רואיק און העל. הייסט עס, אַז קיין גאַז איז נישטאָ. יענעם האָט זיך זיכער אויסגעוויזן. אומזיסטע שרעק...

ער האָט שוין געוואָלט זיך אויסדרייען אויף צוריק. די מענטשן וואַרטן דאָרט אויף אים.

דער געדאַנק וועגן די מענטשן האָט אים אויף אַ רגע פאַרהאַלטן. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און געזען פאַר זיך דעם קוילנגרעבערס בליק פול מיט שרעק. ער האָט זיך ווידער געמוזן דראַפּען פאַרויס, אַרויף, נישט אַראָפּלאָזנדיק דעם בליק פונעם בענזין־לאָמפּ.

ער איז שוין דערגאַנגען צום אָנהייב פונעם געביט. דאָ האָט ער דער־פילט אַ לייכטן רויש אין די אויערן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט. פּונקט ווי פון דער פינצטערניש, האָט זיך אים געדאַכט, זעט זיך איטלעכע בעטנדיקע, װאַרנדיקע אויגן: „קריך נישט ווייטער!" ער האָט עפּעס אָפּגעטרייסלט פון זיך און אָנגעהויבן ווייטער צו גיין... אַ שווינדל איז אים דורכגעלאָפן. דאָס פלעמל פון בענזין־לאָמפּ האָט אָנגעהויבן צו ווערן געלבלעך. דער ערשטער געדאַנק איז געווען: אַנטלויפן! ער האָט זיך אָבער גלייך באַ־הערשט. ס'וואָלט געווען פּחדנות. און וואָס וועט זיין, אויב דער אַליאַרם וועט זיין אַן אומזיסטער? ער מוז געניי אויספאָרשן, צי ס'זענען ווירקלעך פאַראַן גאַזן און פּונקטן זיי קומען.

וואָס ווייטער איז דער רויש אין די אויערן, אין די שלייפן אַלץ שטאַר־קער געוואָרן. דאָס פלעמל פון לאָמפּ האָט געקראָגן אַ זשאַווערדיקן קאָליר. ווען ער האָט אים אַראָפּגעלאָזט נידעריקער צו דער ערד, האָט דאָס פלעמל גענומען ווערן שוואַכער, ווי צום פאַרלעשן זיך.

ער האָט שוין איצט געוווּסט זיכער, אַז דאָ איז פול מיט גאַז. ער האָט דערפילט אַ קאַלטן שווייס איבערן פּנים. דאָס אינעווייניקסטע קול, וואָס האָט אים נישט אויפגעהערט צו וואָרענען, איז אַלץ שטאַרקער גע־וואָרן. מיט פאַרקריצטע ציין האָט ער אויפגעהויבן דאָס לעמפּל איבערן

קאָפּ און זיך מיט מאַטעריש געדריקט פּאָרויס. ער מוז וויסן גענוי פּת־וואַגן דער גאַז קומט, כדי מע זאָל גלייך קאָנען צוטרעטן צום באַוואָרענען, עס זאָלן נישט זיין קיין אומזיסטע קרבנות. ער וועט גיין אַזוי לאַנג, ביז דאָס פּלעמל אינעם לאָמפּ וועט אים נישט וואָרענען, אַז ער איז צוגעקומען צו דער גרענעץ פון לעבן. ווייטער — פאַרלירט דער טויט. נאָך עטלעכע טריט... אָ... די פיס האַלטן זיך נאָך גוט... אַהאַ... דאָ איז עס...

אין דעם געלן שיין פון אויפגעהויבענעם לעמפּל האָט זיך געזען דער אָפּריס, — צעבראָסטעטע קוילן־בלאָקן, צעבראָכענע שטעמפּלען. ער האָט זיך אויסגעדרייט אויף צוריק. מע דאַרף זען וואָס שנעלער צו פאַרריכטן. ער אַליין וועט מיטגיין, וועט זייען דאָס אָרט, מע זאָל נישט פאַרן קיין אומזיסטע צייט. אָבער די שלייפן האַקן אַזוי מוראדיק, אפשר איז ער שוין פאַרמשאַדיעט? מע דאַרף גיין שנעלער...

אין דעם מאָמענט האָט זיך אים עפּעס אָפּגעגליטשט פון אונטער די פיס. ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן, אויסגעצויגן די הענט, כדי זיך אָנצוכאַפּן אין דער וואַנט. דאָס לעמפּל, וואָס האָט זיך אָנגעקלאַפּט אין דער וואַנט איז אים פון דער האַנט אַרויסגעפאַלן. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טאָן און זיך איינגעהאַלטן. פאָרזיכטיק האָט ער זיך אַראָפּ־געבויגן און מיט די דלאָניעס גענומען טאַפּן אַרום דעם אָרט, וווּ ער האָט זיך געפונען. דער געדאַנק האָט געאַרבעט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער קלאָרקייט. ער האָט גענוי געוווּסט, ווו ער געפינט זיך. ווען ער זאָל אפילו נישט געפינען דאָס לעמפּל, וועט ער זיך שאַרן אין דער פינצטער. שווע־בעלעך האָט ער. שפּעטער וועט ער שרייען, רופן, ביז עמעץ וועט אים דערהערן. אָבער... ס'איז דאָ דאָס לעמפּל! איצט דאַרף מען עס אָנצינדן. דאָס פּוחעלע שוועבעלעך ליגט אין דער רעכטער טאַש.

מיטן אָנגעצונדענעם לעמפּל האָט טורקאָ אָנגעהויבן גיין שנעלער. אָבער דאָס קלאַפּן אין די שלייפן האָט נישט אויפגעהערט, דער קאָפּ האָט זיך געדרייט ווי ביי אַ שיכורן. די געדאַנקען האָבן זיך געפּלאָנטערט, די פיס זיך אָנגעשלאָגן איינער אינעם צווייטן, ער מוז זיך אָפּשטעלן. ווי גוט וואָלט עס געווען זיך דאָ אָוועקצולייגן, אָפּרוען, צומאַכן די אויגן... אפשר כאַפּן אַ דרימל?... ער, אַ שטיגער, וועט זיך אינמיטן דער אַרבעט אוועקלייגן שלאָפן, ווי דער ערשטער בעסטער שיכור? איינמאָל, נאָך גאָר אין אָנהייב האָט עס פּאַסירט, ער האָט זיך אָנגעשיכורט... ער האָט דעמלט דעם פּאַרטיי־כּעקרעטאַר געגעבן די האַנט, אַז ער וועט שוין מער קיינמאָל אַזעלכעס נישט טאָן... איצט קאָן עס נישט פּאַסירן... ער וועט דאָך אַליין באַלד ווערן אַ פּאַרטיי־מיטגליד...

פון די ווייטע קאָרידאָרן איז אַ גערויש אַהער דערטראָגן. אינעווייניק,

אין די זוינטס שעפטשעט עפּעס, פּלאַצט, קרישלט זיך. די פינצטערניש ווערט אַלץ דראַעַנדיקער... אַ שווערער קרעכץ האָט זיך פון אים אַרויס־געריסן. ער האָט זיך מיטן קאָפּ אָנגעשלאָגן אין אַ בעלקע און איז אומ־געפאַלן. דער מוח האָט אַלץ געאַרבעט: נאָר נישט אַרויסלאָזן דאָס לעמפּל פון האַנט. ער האָט זיך געפרוווט אויפהייבן און בשום־אופן נישט געקאָנט אויסגלייכן דעם קאָפּ. דער געפּל אין אים האָט אָנגעהויבן ווערן גערדיכ־טער. ער האָט געוואָלט שרייען, אָבער ס׳איז אַרויסגעקומען ווי אַ פּליס־טער. דער געדאַנק, אַז ער קאָן דאָ אומקומען, און די מענטשן וועלן זיך נישט דערוויסן פון דער דראַעַנדיקער געפאַר, האָט אים נייע כוחות צוגע־געבן. ער האָט גענומען פּרוּוון אויף אַלע פיר. פאַר די אויגן איז אים די גאַנצע צייט געשטאַנען דער טעלעפאָן־אַפּאַראַט. אַ, צו דעם דאָזיקן אַפּאַראַט דאַרף מען זיך צוקריגן. ער מוז אויסהאַלטן... ער איז דאָך דער איינציקער, וואָס ווייסט וועגן דער געפאַר... ס׳איז שוין נישט ווייט...

ווען ער האָט זיך צוגעקריגן צום טעלעפאָן־אַפּאַראַט איז ער איינגעגאַנגען אַ דערשטיקטער אומגעפאַלן, האַלטנדיק דאָס הער־טרייבל פעסט צוגע־דריקט צום פּנים. קיין קול האָט ער פון זיך נישט געקאָנט אַרויסבאַקומען. צום ערשטן מאָל אין לעבן האָט ער זיך געפילט אַזוי מאַכטלאָז. אַרום איז געווען נאַכטיקע שוואַרצקייט. ער האָט אַריינגעכאַרכלט אין אַפּאַראַט אַריין, געראַנגלט זיך מיט דער פינצטערניש, וואָס וויל פאַרפלייצן דעם לעצטן געדאַנק, ביז ער האָט אַרויסגעקריגן פון האַלדז דאָס נייטיקע וואָרט:

— ג—גאַ—אַז ב—אַ—ז...

ער האָט נאָך געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אויפצוהייבן, האָט דערפילט אַ וואַרעמען אָטעם איבער זיך. פאַר די אויגן האָט עפּעס העלס גע־שווינדלט, געדרייט זיך, הייכע שווערע קאָלהערעס האָבן אים אַרומגעהילט...

אויפגעוועקט האָט זיך טורקאַ שוין אין דער הויך, ביים האַקמאַר אין אויפנעם־קאַבינעט. דורך די פענצטער האָט געפלייצט אַזאַ מאָדנע ליכטי־קייט. ער האָט אין זיך אַריינגעאָטעמט די געדיכטע מעדיציניק־ריחות. די קראַנקן־שוועסטער אין דעם ווייסן שירץ האָט געשמייכלט:

— וואָס הערט זיך עפּעס דאָרט, אויף יענער וועלט?

ווי אויף אַ סיגנאַל האָט זיך די טיר געעפנט, און ס׳האָבן זיך אַריינ־געשיט עטלעכע מענטשן. נעבן דער ווייסער סאָפע, אויף וועלכער ער איז געלעגן אויסגעצויגן, זענען געבליבן שטיין זאַגורני, גראָנעק, דער אינזשיניער פון דער ווענטילאַציע — פּאַלקעוויטש.

— דיר איז שווער צו רעדן, טורקאַ, — האָט פּאַרזיכטיק שטיל זיך אָפּגערופן גראָנעק — ליג רואיק.

דער אינזשיניער פּאַלקעוויטש האָט אים אונטערגעהאַלטן:

— ריכטיק. ליגט נאָר רואיק... כ'האָב גראָד אַליין אָפּגעגומטען דעם טעלעפאָן. ער האָט געכאַרכלט ווי אַ קאַליע־געוואָרענער ראַדיאָ. ערשט כ'דערהער: גאָזן! מער האָט איר קיין וואָרט נישט געזאָגט. ווען מיר האָבן אייך געזען ליגן, האָבן מיר געמיינט, אַז איר זייט שוין אַ פּאַרטיקער. אַ העלד, זאָג איך, אַן אמתער העלד!

טורקאַס בליק איז נאָך אַלץ געווען אַן אַנגעשטרענגט־פרעגנדיקער. פאַלקעוויטש האָט זיך געכאַפּט.

— יאָ, איר האָט אָפּגעראַטעוועט פון אַ שווערער קאַטאַסטראָפע. איצט איז שוין אַלץ אין אָרדענונג. דער אַליאַרם איז געקומען צו דער מינוט.

דורכן אָפענעם פענצטער האָט זיך געהערט דער גערויש פון דער נישט־ווייטער סאָרטירערייִ, פון די לויפנדיקע טראַנסמיסיעס און דער אָפּקלאַנג פון קוילן איבער שטאָלענע רינעס. פון דער זון האָבן זיך געצויגן דורכגעזיפּטע שטויב־שטראַלן מיט שוואַרצע פונקן. ס'גערויש האָט גע־זונגען אין די אויערן.

— מאָרגן קומט פאַר אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, — האָט גראַנעק אים איינגערוימט. — ס'וועט באַטראַכט ווערן דיין ווענדונג. ווי מיינסטו? מע וועט זי צוליב דיר נישט האָבן אָפּלייגן?

ישכר האָט געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אויפצוהייבן. גראַנעק האָט אים ענערגיש פאַרהאַלטן.

— ליג, ליג, האָסט נאָך צייט ביז מאָרגן. מע וועט דיך זיכער אָנ־נעמען אַלס מיטגליד פון דער פּאַרטיי.

אין טורקאַס אויגן האָבן געפינקלט טרערן.

## XVII

מע דאַרף בלויז איינמאָל דערקענען דעם מערקווירדיקן כח פון באַציאַליסטישן פאַרמעסט — קיין צוריקוועג צום אַלטן, פאַרעלטערטן אופן פון אַרבעט איז שוין מער נישטאָ.

ישכר טורקאַ האָט דעם דאָזיקן כח דערקענט. ווי ברען־מאַטעריאַל האָט דעמלט געווירקט דער גרויסער נצחון פון קוילנגרעבער מאַרקעוקאַ. באַלד איז געקומען דער ענטפער פון וואַלבזשיך מיט ציכאַקס זיג: אין פינף חדשים, געניי — צום 1־טן מאַי, איז אויסגעפירט געוואָרן דער פּלאַן פאַרן גאַנצן יאָר! מיט שפּאַנונג האָבן די קוילנגרעבער געוואַרט ביים ראַדיאָ־אַפּאַראַט אויף די לעצטע ידיעות פונעם פאַרמעסט. זיי האָבן עס

פֿאַרגליכן מיט זייערע אייגענע אויפֿטוען. אין טוּרקאָן האָבן זיך אָנגע־האַנגען די גלויביקע אויגן פֿון די מענטשן פֿון זיין אָפּטיילונג.

— הי מיינסטו, מיר וועלן נישט בלייבן אַמאָל הינטערשטעליק?

— הינטערשטעליק?! איבעריאָגן וועלן מיר! זיגן!

אין יענער צייט איז נאָוואָ־רודנאַ שוין געווען באַקאַנט צווישן די ערשטע קוילנגרובנס אין לאַנד, וואָס האָבן איבערגעשטיגן דעם פּלאַן. דערגרייכט האָט מען עס אין שווערן געראַנגל. די קאַטאַסטראָפֿע האָט ציבעלסקי געפּרוּווט אויסנוצן קעגן טוּרקאָן, אַלס באַווייז פֿון זיין אומפֿאַר־זיכטיקייט, פֿון נישט באַהערשן די אַרבעט. אָבער אַ קאָמיסיע האָט פֿעסט־געשטעלט, אַז ס'האָבן זיך דערביי געפּאַרעט באַנדיטישע הענט. טוּרקאַ האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג און אַ גרויסע געלט־פּרעמיע.

ישכר האָט געזען די איבערגעגעבנקייט פֿון די מענטשן אין זיין אָפּ־טיילונג און לחלוטין זיך נישט געוווּנדערט. ער האָט שוין איצט גוט פֿאַר־שטאַנען די קראַפֿט, וואָס האָט זיי מיטגעריסן. אין גאַנצן לאַנד גייט אַן אַזאַ גרויסע בוייונג, ס'קומען אויף נייע פֿאַבריקן, נייע קאָמבינאַטן, נייע שטעט. יעדער קוילנגרעבער האָט געקענט די נעמען: נאָוואָ־הוטאַ, טיכי, זשעראַן, וויזאָו. פֿאַר דעם אַלעמען זענען נייטיק: קוילן! קוילן! וואָס פֿאַר אַ גרעסערע פֿרייד קאָן זיין, ווי פֿילן די וויכטיקייט פֿון דער אייגענער אַרבעט!

אויך די יידישע מענטשן פֿון נאָוואָ־רודנאַ האָבן געפֿילט די פֿרייד פֿון אויפֿבוי, זיי האָבן שטאָלצירט מיט זייערע קוילנגרעבער. יידן האָבן זיך מיט אינטערעס צוגעהערט צום דערציילן פֿון די יידישע קוילנגרעבער, וועגן דעם האַסטיקן לעבן, וואָס גייט אָן אין דעם קוילנגרובן. גוטהערץ, דער אַקטיווער יידישער קולטור־טוער, האָט אין נאָמען פֿון דער אָרטיקער יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט זיך געווענדעט צו טוּרקאָן, ער זאָל געבן אַ פֿאָרלעזונג פֿאַר די יידן וועגן דער אַרבעט אינעם קוילנגרובן.

ישכר האָט שוין איצט קיין מורא נישט געהאַט אַרויסצוטרעטן מיט אַ רעדע. פֿריי האָט ער זיך געלאָזט צו דער טריבונע אין דעם שיינעם זאַל פֿונעם יידישן קולטור־פֿאַרבאַנד, אָנגעטאָן אין זיין קוילנגרעבערישן מונדיר מיט די אָפּצייכענונגען פֿון אַ טעכניקער. די ווערטער זענען ביי אים אַרויסגעקומען פֿליסיק און מיט וואָג. די לופֿט אין זאַל איז געווען אָנגעפֿילט מיט דער פֿרייד פֿון די נצחונות, וועלכע טוּרקאַ האָט געשיל־דערט. ער האָט געזען די זשעדנע פּנימער, די ברענענדיקע אויגן פֿון די מענטשן, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז די מענטשן דאָ, פּונקט ווי אין קוילנגרובן, פֿאַרמאָגן איין האַרץ, אַן אַלגעמיינעם, גרויס אַזוי ווי דאָס גאַנ־צע לאַנד אונדזערס.

אין יאָר 1946 האָט פּוילן אַרויסגעגעבן נישט מער, ווי זיבן און פערציק מיליאָן טאָן קוילן, אין דריי יאָר שפּעטער — פיר און זיבעציק מיליאָן. אין די נאָענטסטע יאָרן דאַרף אונדזער קוילן־אינדוסטריע פאַרגרעסערט ווערן מיט נאָך דרייסיק פּראָצענט. פאַרגרעסערן הייסט: נייע מאַשינען, נייע קוילנגרובנס און אויך נייע מענטשן...

זיין בליק האָט געוואַנדערט איבער די מענטשן ווי אַ רוף, אַן אַרויספאָדערונג. נאָך אַ מינוט שטילשווייגן האָט ער ווייטער גערעדט:

— ...די פּראָדוקטיוויקייט אין אונדזערע קוילנגרובנס איז צווייפאַכיק גרעסער, ווי פאַר דער מלחמה. אין יאָר 1938 האָבן די קוילנגרובן אין פּוילן אַרויסגעגעבן נישט מער, ווי אַכט און דרייסיק מיליאָן טאָן. פאַרגלייכט עס מיטן הייננטיקן טאָג! דאָס איז דערפאַר, ווייל די קוילנגרובנס געהערן שוין נישט מער צו די אַמעריקאַנער האַרימאַנס, צו די דייטשפראַנצויזישע אַקציע־געזעלשאַפטן. זיי זענען אונדזערע קוילנגרובנס. אונדזערע קוילן גייען פאַר די ריזיקע „ב״אויונס אין טשענסטאָכאָוו, פאַר די מאַרטענס אין גאַנצן לאַנד. אונדזערע קוילן וואַרעמען ווינטערצייט שטיבער פון אַרבעטער אין שטאָט, פון פּויערים אין דאָרף. אונדזערע גרובנס וועלן איינגיכן אויסוואַקסן צו מעכטיקע אונטערנעמונגען, ווי מאַשינען וועלן פאַרבייטן מענטשלעכע הענט. קאָמביינען וועלן בוירן, האַקן און לאָדעווען...

גוטהערץ, וועלכער איז געווען פאַרזיצער בעת דער פאַרלעזונג, האָט געהאַט בדעה צו זאָגן אַ הייס וואָרט וועגן דעם שטאָלץ פון דער יידישער געזעלשאַפט אין פּוילן מיט אַזעלכע אידען זין, ווי ישכר טורקאַ. אָבער אין דעם מאָמענט האָט אים עמעץ דערלאַנגט אַ צעטעלע, באַלד נאָך איינס, אַ צווייטס. דאָס האָבן צוגעשיקט די אַנדערע יידישע קוילנגרעבער — ווייסבערג, טאָפּ, וואַפּינגער, מייער. זיי בעטן אַ וואָרט.

זיי אַלע האָבן דעמלט גערעדט. ס'האָבן אויך גערעדט יידישע אַרבעטער פון די קאָאָפּעראַטיוון. ישכר האָט געפילט די פרייד, וואָס האָט זיך געטראָגן פון דעם עולם און ס'האָט אים ווי אויף אַ כוואַליע אויפגעהויבן אין דער הייך. ווען ער האָט צום סוף נאָכאַמאָל באַקומען דאָס וואָרט, האָבן זיינע אויגן מערקווירדיק געברענט.

— „...עס דערנענטערט זיך דער יאָר־טאָג פון דער גרויסער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וואָס האָט געבראַכט פרייהייט פאַר פעלקער און לענדער, וואָס האָט אָפּגעראַטעוועט הונדערטער טויזנטער יידן, צווישן זיי — אויך מיך מיט מיין פאַמיליע, זאָג איך צו אויסצואַרבעטן אין די נאָענטסטע טעג אַ פּלאַן מיט פונקטן, וועלכע איך וועל שטעלן אויף דער קומענדיקער פאַרזאַמלונג פון מיין קוילנגרובן״.

זיין שטימע איז געוואָרן קרעפּטיקער. זי האָט אָנגעפילט דעם גאַנצן זאַל, זיך אָנגעקלאַפּט אין די ווענט און, אַ מעכטיקע, אַ פרייִדיקע, ווי געפּרוּווט זיי פאַנאַנדערצורוקן.

— „...און איך רוף פון דעם אָרט די יידישע אַרבעט-שלאַגלער, די יידישע קוילנגרעבער פון „פּיאַסט", „וויקטאָריאַ", „כראָברי" און „מיִעשקאָ", פון די קאָאָפּעראַטיוועס און פון „פּאַפּאַוואַג", אַלע יידן, וואָס אַרבעטן אין דער שווערער און לייכטער אינדוסטריע, אין די פאַבריקן און קאָאָפּעראַטיוון זיי זאָלן אָפּגעבן זייער כוח און מי, כדי אָפּצומערקן מיט אַרבעטס-נצחונות דעם יאָרטאָג פון דער גרויסער רעוואָלוציע, וואָס אַ דאַנק איר האָבן זיך פאַר אונדז געעפנט נייע וועגן אין לעבן. לאָמיר מיט אונדזערע פאַרמעסטן און דערגרייכונגען אויסדריקן אונדזער גרענעצלאָזע ליבשאַפט צום פירער פון די פעלקער — צום חבר סטאַלין. לאָמיר מיט אונדזערע אָנשטרענגונגען באַווייזן אונדזער געטרייקייט און צוגעבונדנקייט צו אונדזער היימלאַנד — צום פאָלקס-פּוילן".

טורקאָ איז אַראָפּ פון דער טריבונע. פון אַלע זייטן האָבן זיך צו אים געשטרעקט פריינדלעכע, ברידערלעכע הענט.

טורקאָס פּלאַן איז געווען צוגעפּאַסט צו די נייע באַדינגונגען, אין וועלכע ס'האָט געאַרבעט זיין אָפּטיילונג. ער האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר דעם פּאַרטיי-עקזעקוטיוו, וועלכער האָט אים אָנגענומען אָן שום באַוואָרעניש. דער פּאַרטיי-סעקרעטאַר האָט קורץ געזאָגט:

— טורקאָס פּלאַן איז אַ רעאַלער.

אויך די פאַרזאַמלונג האָט דעם פּלאַן אָנגענומען. זאַגורני איז געווען גליקלעך. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַן אמתער בעל-שמחה. מיט צעשטראַלטע אויגן האָט ער פאַר די קוילנגרעבער דערקלערט די פּרטים פון טורקאָס פּלאַן.

בלויז ציבולסקי איז, ווי געוויינלעך, אַרומגעגאַנגען אַ זויערער. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער גערופן טורקאָן צו זיך און מיט אַ דורכגעטריבן שמייכעלע געזאָגט:

— איר זעט, די העכסטע אינסטאַנצן האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט אייער פּלאַן. ער איז זיי מסתמא געפעלן. די הויפּט-דירעקציע האָט באַשלאָסן אייך איבערצוטראָגן קיין וואַלבזשיך, אין דעם קוילנגרוב „וויקטאָריאַ" — און דערביי טורקאָן דערלאַנגט אַ פּאַפּיר.

ישכר האָט עס דורכגעליינעט און, אַקצענטירנדיק יעדעס וואָרט, געענטפערט:

— גוט. באַפעל איז באַפעל. איך וועל פאָרן. אָבער מיינט נישט, פאַניע ציבעלסקי, אַז דערמיט וועט אייך געלינגען אַרונטערצורייסן מיין פּלאַן. דאָ בלייבט איבער זאַגורני. דאָ בלייבן מיינע חברים. דער פּלאַן וועט דורכגעפירט ווערן, אַזוי ווי איך אײַך דערציילט האָב, אַרויסגערעדט פאַרטיי!...

ציבעלסקי האָט געקראָגן איינגעהויקערטע פּליצעס. די הענט האָבן נערוועז אָנגעהויבן זוכן עפּעס צווישן די פּאַפּירן. אַ בלייכער האָט ער געשטאַמלט:

— דאָס איז צוגעשיקט געוואָרן פון דער הויפּט־דירעקציע. „וויק־טאָריאַ" נייטיקט זיך אין פעיקע מענטשן... קיינער קאָן די פאַראָרדענונג נישט ענדערן...

— כ'פאַרשטיי...

אויפן וועג אַהיים האָט טורקאָ אָפּגעטראָטן אין פּאַרטיי־קאָמיטעט. דער סעקרעטאַר האָט אים אויסגעהערט, געקוקט אויף אים מיט זיינע וואַרעמע אויגן און געשמייכלט:

— ציבעלסקיס כוונה איז קלאָר. ער וויל פון דיר פּטור ווערן. זיי זיכער, — דיין פּלאַן וועט ביי אונדז דורכגעפירט ווערן. ווי מ'האָט אונדז מיטגעטיילט, וועסטו אַן אויבער־שטייגער, קריגסט אַ גרעסערע אָפּטיי־לונג. און מיט ציבעלסקין — פאַרלאָז זיך אויף אונדז, מיר וועלן זיך מיט אים אַן עצה געבן. אַז מע וועט דאַרפן, וועלן מיר טרעפן קיין וואַרשע אויך. דער עיקר — מיר וועלן פון אים קיין אויג נישט אַראָפּלאָזן. זיי דרויק, טורקאָ.

# XVIII

מיט ברען האָט טורקאָ זיך גענומען צו דער אַרבעט אין „וויקטאָריאַ". אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז אויך דאָ האָט ציבעלסקי געהאַט זיינע מענטשן. וועגן דעם האָט אָבער ישכר שפּעטער זיך דערוווסט.

אין אָנהייב, ווען דער טעכניקער מיגאַן האָט אים געפרעגט, צי ער וואָלט נישט איבערגענומען די זעקסטע אָפּטיילונג, האָט ער גאָרנישט חושד געווען.

— די אָפּטיילונג וואָרט שוין לאַנג אויף אַזאַ מענטשן, אַ פעיקן. פאַר „וויקטאָריאַ" וואָלט געווען אַ גליק, איר זאָלט זיך אַ נעם טאָן צו דער אָפּטיילונג.

אויך דער דירעקטאָר כמיעל, אַן אַלטער רעוואָלוציאָנער, איז דערמיט גלייך מסכים געווען.

— אדרבא, באַווייזט טורקאָ, וואָס איר קענט.

מיגאַן האָט אים אַראָפּגעפירט אונטן און געוויזן די ווענט. האָט אים דערציילט, אַז וואָס אַן אמת האָט מען דאָ מיט עטלעכע טעג צוריק געהערט ווי ערגעץ ווו פּלאַצט. איצט הערט מען דאָ נישט קיין שום קלאַנג.

מיגאַן האָט געוווסט וועגן טורקאָן, אַז קיין שוועריקייטן וועלן אים נישט אָפּשרעקן. האָט ער אים דערציילט אויך וועגן די שוועריקייטן.

ווען ישכר איז געבליבן אַליין, איז ער עטלעכע מינוט געשטאַנען אומבאַוועגלעך און באַטראַכט אַלץ אַרום. דער קאָרידאָר איז געווען פאַרנאַכלעסיקט, די געביידעס — שלעכט געמאַכט. נישט קיין וווּנדער, אַז ס'האָט דאָ נישט געקאָנט מאַכן די נאָרמע, כאָטש די קוילן זענען פעטע.

מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק האָט ער זיך איינגעקוקט אין די באַוועגונגען פון די נאַקעטע מוסקולן, וואָס האָבן געאַרבעט אינעם צווייטן עק פונעם לאַנגלעכן קאָרידאָר, און דערביי געטראַכט, ווי אַזוי ברענגען אין אָרדענונג די ווענט, אַז די אַרבעט זאָל אַוועק ווי ס'באַדאַרף צו זיין. ער האָט דערביי נישט באַלד דערהערט די פראַגע, וואָס איז געקומען פון יענעם עק:

— נו, וואָס הערט זיך אינדערהייך?

ערשט א צווייטער קוילנהעקער האָט זיך אָנגערופן:

— וואָס גייט עס דיך אָן? דו לאַדעווע און פיר עס אַוועק. פּלאָנטער זיך נישט אונטער די פיס.

טורקאָ האָט זיך געכאַפּט, אַז די פראַגע איז צו אים געווענדעט. ער איז צוגעגאַנגען נענטער. דער ערשטער האָט געהאַלטן אין איין שיטן מיט קללות, אַז דער טייוול אליין האָט זיי צוגעטיילט די וואַנט, ווו מע קאָן נישט מאַכן די נאָרמע, און ביי אַדאַמעקן גייט די ציקל-אַרבעט אויף דער גאַנצער פּאַרע — זיין בריגאַדע פירט אויס צוויי הונדערט פּראָצענט און מער.

טורקאָ האָט זיך דערמאָנט אין דעם, וואָס ער האָט געהערט נאָך מיט צוויי טעג צוריק דורכן ראַדיאָ: אין „וויקטאָריאַ" האָבן זיך פּאַראייניקט די בריגאַדעס פון אַדאַמעקן און גלאַדישן, אַלס ענטפער אויף דעם רוף פון ז.ס.פ.-מיטגליד קאַוואַטשיק איינצופירן דעם סיסטעם פון ציקל-אַרבעט.

— ווי מיינט איר, צי וואָלט נישט כדאי געווען אויך ביי אונדז איינ-

צופירן דעם ציקל־סיסטעם? — האָט טורקאַ געפרעגט, פאַרשטעלנדיק זיך פאַר זיי.

— אוודאי וואָלט געלוינט — האָט געענטפערט דער ערשטער יונגער קוילנגרעבער. — וואָס ווייסטו אָבער אויפטאָן ביי אַזאַ וואַנט? מע דאַרף אַנטלויפן פון דאָרטן. נאַ, זע...

דער סופיט האָט אין עטלעכע ערטער ווירקלעך אויסגעזען פאַרדעכטיק. די וואַנט האָט זיך מאָדנע געבייגט.

— מיר וועלן זיך דערמיט אַן עצה געבן.

— איז גוט. ס'איז אַ חרפה ממש צו שטיין אַזוי לאַנג אויפן לעצטן אָרט.

טורקאַ האָט געגעבן עטלעכע אָנווייזונגען דעם ברינגאַדיר און איז אַרויפגעפאָרן אינדערהייך. ביי דער פאַרטירעריי האָט ער זיך אָנגעטראָפן אויף מינאַנען, וועלכער האָט ווידער אָנגענומען אַ פריינדלעכן אויסדרוק.

— נו, ווי גייט עס?

— אַ שווער שטיקל אַרבעט. דוכט זיך, עס וועט אויסקומען צו נעכטיקן אונטן מיט דער דריטער שיכט.

יענער איז געבליבן שטיין מיט אַ פאַרגליווערט פנים. טורקאַ האָט נישט פאַרשטאַנען מינאַנס פלוצלינג שטילשווייגן. ער איז אַוועק צום קיאָסק, געקויפט זיך עטלעכע זעמל מיט ווורשט און צוריק אַראָפ אונטן.

— פון וואַנען נעמט זיך צו אַ מענטש אַזויפיל כוח? — האָט מען אין אַלע אָפטיילונגען גערעדט וועגן טורקאַן, וועלכער איז שוין דעם דריטן מעת־לעת נישט אַרויס פון דעם קוילנגרובן. דער דירעקטאָר אַליין איז שוין עטלעכע מאָל אַראָפגעפאָרן אונטן און געבעטן טורקאַן, ער זאָל אַהיימגיין, זיך אָפּרוען. טורקאַ האָט מיט אַ פאַרכריפּעט קול אַלץ געזאָגט:

— אָט באַלד. מירן באַזייטיקן די לעצטע צוויי בייכער, און איך וועל קאָנען גיין רואיק שלאָפן.

ערשט אויפן פערטן טאָג האָט זיך טורקאַ געמעלדן צום דירעקטאָר:

— די אַרבעט אין דער זעקסטער אָפּטיילונג גייט שוין נאָרמאַל. מיר טרעטן צו צום ציקל־סיסטעם.

דעם דירעקטאָרס צעקנייטשט פנים האָט איצט געלויכטן מיט דעם זעלבן פלאַם, וואָס איז געווען אין זיינע טיף־אַריינגעזעצטע אויגן. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו טורקאַן און געזאָגט:

— העלדזיב...

ער האָט מיט ביידע הענט צוגעצויגן צו זיך זיין פנים און אַ הייסן קוש געטאָן אים אין שטערן.

— און אמתער העלד!
ישכר האָט שעמעוודיק געשמייכלט.

## XIX

דאָרט, ווו די שוואַרצע, אייביק־פאַרהייכערטע שלעזישע געגנט נעמט אָן אויף זיך גרינקייט, נישט ווייט פונעם בערגיקן וועלדל הינטער כעבזשיע, געפינט זיך דער קוילנגרובן „פּאַוועל".

אין משך פון הונדערטער יאָר הערט נישט אויף דער פּוילישער קוילנגרעבער צו רייסן די אוצרות פון די טיפענישן פון דער דאָזיקער ערד. דאָס, וואָס דער מענטש, זיין כוח און דרייסטקייט איז אין משך פון דורות געווען אַ סחורה, וואָס איז אויפן ברוטאַלסטן אופן אויסגענוצט געוואָרן, כדי צו ברענגען אומגעהייערע רווחים די קאַפּיטאַליסטן — חאָם האָט פון דעם שלעזישן קוילנגרעבער געשאַפן אַ טיפּ פון אַ האַרטנעקיקן קעמפער פאַר סאָציאַלער גערעכטיקייט, פאַר דער פאַרווירקלעכונג פון די סאָציאַליסטישע אידעאַלן.

שלעזיע איז געווען אַ קוזשניע פון פאַרהאַרטעוועטע, מסירת־נפשדיקע קעמפער פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון פּוילן. אומגעהייערע העלדישקייט האָט דער שלעזישער קוילנגרובן באַוויזן אין דער צייט פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע. אין די רייען פון דער פּוילישער אַרבעטער־פּאַרטיי, אין דער פאָלקס־אַרמיי האָט ער הויך געהאַלטן די פאָן פון קאַמף מיטן שונא. נישט געקוקט אויף דעם געוואַלדיקן טעראָר, איז געוואַקסן אין שלעזיע די דיווערסיע, דער סאַבאָטאַזש קעגן היטלעריזם, דער באַוואָפנטער פּאַרטיזאַנער־קאַמף.

מיט דער באַפרייונג פון שלעזיע דורך דער סאָוועטישער אַרמיי הייבט זיך אָן אין די קוילנגרובן אַ ניי לעבן. די פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציאָנערן, די כמיעלס און פּסטראָוווסקיס גייען צוריק צו זייערע אַרבעטפּלעצער, וועלכע זענען שוין אויף אַן אמת זייערע. דאָ אַנטוויקלען זיי דעם סאָציאַליסטישן אַרבעטס־פאַרמעסט.

די „שוואַרצע מאַרדעס", ווי די באַראָנען האָבן גערופן די קוילנגרעבער, זענען געוואָרן די ווירקלעכע באַלעבאַטים פון די אוצרות, וואָס זיי באַקומען אַרויס פון דער ערד. ס'איז געשען דאָס גרויסע וווּנדער: פּשוטע קוילנגרעבער זענען געוואָרן אָנפירערס פון קוילנגרובנס, דירעקטאָרן פון פאַראייניקטע באַרג־אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, און היערביי אַרויסגעוויזן וווּנדערבאַרע פעיקייטן.

דאָ, אין דעם קוילנגרוב „פּאַוועל” אַרבעט זינט אַ לענגערע צייט דער אויבער־שטייגער ישכר טורקאַ.

אין דעם צימער פון פּאַרטיי־קאָמיטעט, ווו ס'איז פאָרגעקומען די זיצונג פון דעם עקזעקוטיוו, איז געווען אָנגערייכערט און הייס. אויפן טאָג־אָרדענונג איז צווישן אַנדערע געשטאַנען די פראַגע וועגן באַשטימען אַ פאַרטרעטער פון דעם אינזשיניער, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער ווענטילאַציע, און איז מיט אַ טאָג פריער באַפרייט געוואָרן פון דער אַרבעט.

מ'האָט לאַנג געטענהט אויפן דירעקטאָר. ווען ער איז ענדלעך אָנגעקומען, איז דער סעקרעטאַר גלייך צוגעטראָטן צום באַהאַנדלען די פראַגע. ווענדנדיק זיך צום דירעקטאָר, האָט ער אים געפרעגט:

— וועמען לייגט איר פאָר אַלס פאַראַנטוואָרטלעכן פאַר דער ווענ־טילאַציע?

— כ'האָב זיך היינט איינדערפרי פאַרבונדן טעלעפאָניש מיטן מיניס־טעריום — האָט דער דירעקטאָר אָנגעהויבן, פירנדיק זיין אויפמערק־זאַמען בליק איבער די אָנוועזנדיקע — צי מע וועט אונדז צושיקן אַן אינזשיניער. אינעם איצטיקן מאָמענט איז נישטאָ אויף וואָס צו וואַרטן. מר מוזן באַשטעטיקן איינעם פון אונדזערע טעכניקער, אַלס פעיקן און צו־געפּאַסטן אויף דעם דאָזיקן ביז גאָר פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן לייג איך פאָר דעם אויבערשטייגער ישכר טורקאַ.

אַ מינוט איז געווען שטיל. אויף קיינעמס פּנים האָט זיך נישט געזען אַפילו קיין סימן פון פאַרוווּנדערונג, גלייך ווי דער דירעקטאָר וואָלט אויסגעדריקט אַלעמענס מיינונג.

עמעצער האָט זיך אָנגערופן:

— מע דאַרף אים רופן, פרעגן צי ער איז מסכים צו נעמען אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

דער סעקרעטאַר האָט אים האַסטיק איבערגעריסן:

— טורקאַן דאַרף מען נישט פרעגן. מיר קענען אים גוט. ער איז פּאַרטייאיש דיסציפּלינירט. אים דאַרף מען בלויז מעלדן דעם באַשלוס. וואָס שייך זיין אַרבעט אויף דעם פּאָסטן, קאָנען מיר זיין פולשטענדיק רואיק. מיר קאָנען צוטרעטן צום צווייטן פּונקט פון דעם טאָג־אָרדענונג...

---

באַמערקטער דרוק-פעלער:

אויף זייט 47 12-טע שורה פון אויבן דאַרף זיך לייענען:

גאַנטשאַראָווסקי האָט זיך אַרומגעקוקט. מיט זיין געניט אויג האָט

